# דער יוד

# DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף".



דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאָנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאָסט 20 קאָפ.



אבאנאמענטס פרייז יאָהרליך:
אָסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאָהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא. ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער ,25 פפעניג, 10 קאפ.



Krakau, 26 September 1901. נומר 39. קראקויא, תשרי תרס"ב.


## אינהאלט.



ה. תרס"ב ← וואכענ־קאלענדער (לוח) ← 1901

| די טעג פון: חודש | וואך | | שערפיען־סעפטעמבער | נייער ס. סעפט. | אלט. ס. סעפט. |
|---|---|---|---|---|---|
| ט"ז | זונטאג | ב' דסוכות | | 29 | 16 |
| י"ז | מאנטאג | א' דחוה"מ | | 30 | 17 |
| י"ח | דינסטאג | ב' דחוה"מ | אָקטאָבער. | 1 (* | 18 |
| י"ט | מיטוואך | ג' דחוה"מ | | 2 | 19 |
| כ' | דאנערש. | ד' דחוה"מ | | 3 | 20 |
| כ"א | פרייטאג | הושענא רבא. | | 4 | 21 |
| כ"ב | שבת | שמיני עצרת. | | 5 | 22 |

קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| טז | ה. תנ"ח | געשטאָרבען המקובל ר' משה זכות אין מאנטוא. |
| יז | ה הרכ"ה | „ הגאון ר' שלמה ליב ראפאפירט אין פראָג. |
| יח | ה. שע"ח | „ הר' משולם פייבש קראקא'ער רב. |
| יט | ה. הפ"ז | פערברענט עקדה"ש איין אנוס אין ליסאבון. |
| „ | ה תקנ"ח | געשטאָרבען הגאון ר' אליהו ווילנא. |
| כ | ה. תכ"ד | „ ר' יהושע העשיל, דער רבי פון ש"ך און טורי-זהב. |
| כא | ה תקס"ד | „ ה"ר דוב טריוויש אין ווילנא. |
| „ | ה תרי"ט | „ הגאון ר' מרדכי זאקהיים רב אין פינסק. |
| כב | ה. ק"ט | שקד-בלבול, אז יודען האָבען פערסמ'ט די ברונעס. — פערברענט פיעל יודען אין איטאַליען און שווייץ. |

צו אבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין לאָנדאָן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין אמעריקא:
R. Kantorowitz, 4 Rutger Str. New-York


דער „יוד" איז אויך איינגעטראגע' אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער: 1920 a Nachtrag VII.

## אבאנעמענט אויף "DIE WELT" !

די פערטרעטונג פיר רוסלאנד אויף דעם ציוניסטען־ארגאן "Die Welt„ האט איבערגענומען חברת אחיאסף ווארשא און ביטען זיך צו ווענדען אויף אדרעסע:

Издательство „Ахiасафъ", Варшава.

Verlag „Achiasaf", Warschau.

מינדליך: טווארדא נ׳ 6.

---

## נייעם !! נייעם !



בּדוכבענדער עלעקטרא־גאלוואנישע היילען גרינדליך נאך קורצען געברויך, ווי עס איז איבערצייגט געווארען, אז נאך 3 מאנאטליכען טראגען, ווירד דער ברוך פאללשטענדיג אויסגעהיילט. פרייז פאן איינער זייטע 6 רובל, צווייזייטיג 10 רובל. בויכבינדען פיר פרויען, עלאסטישע זאקען פיר געשוואלענע פיס, אונד פערשיעדענע אנדערע כירורגישע ארטיקלען — צו בעקומען נור ביים אפטישען־כירורגישען געשעפט אונטער דער פירמא: אלעקסאנדער סענאטארסקא 22 ווארשוי.

אדרעססע:

„АЛЕКСАНДРЪ"

Сенаторекая ул. № 22,

Варшава.

דא עס האט זיך געצייגט דאס מען מאכט נאך דיזע ברוכבענדער ביטען מיר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגינעלע מ׳ט׳ן סטעמפעל פאן אונזער פירמע

---

## שפיגעל־פאבריק

## ל. אידעלזאק, ווארשא

רימארסקא נ׳ 10

עמפפעהלט זיין גראססעס לאגער פאן פערשיעדענע שפיגעל, שפיגעלגלאס, טרעמאשפיגעל או״וו.

פערקויף ענגרא עט דעטאיל.

---

## וואונדערליך ביליג! א זעלטענער צופאל!



עהדער אנצוקלאפען אויפ׳ן טהיר א וויזיט קארטע איז גלייכער צו בעשטעלען פיר זיך פאר א גאנץ ביליגע פרייז א נעגראווירטע מעשענע בלעטעל, מיט נאמען און פאמיליע, פיין געארבעט, און בערעקט מיט שווארצע עמאליע — די גרייס 17 סאנטים. × 6 סאנט. קאסט איבעראל 3 רו״כ און ביי מיר 1·15 מיט צושטעלען צו הויזע. די פרייזען פון מיינע קאאוטשוק־סטעמפלען זענען אויסער קאנקורענץ: ניקלירטעס שרייב גיצייג מיט א קאאיטשוק סטעמפעל מיט׳ן נאמען און פאמיליע, סטעמפעל אויף לאק מיט 2 בוכשטאבען, פעדער, בליישטיפט 75 ק. מיט פארטא, אהן פארטא 40 ק., די וואס בעשטעלען 5 שטיק מיט איין מאל צאלען מעהר נישט צו 50 קאפ. מיט פארטא. בעשטעלונגען, געגען האנד־געלד פר. נאכנאמע.

אדרעס: ווארשא רימארסקא 3, וועליקסאהן. — אגענטען ווערדען געזוכט.

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זארגאן, רוסיש אין דייטש. די מעטארע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. ניט זוימט אין פרעגט אן ביי:

Варшава, Госпожѣ Бергѣ Найдичъ

---



**Оптическiй и хирургическiй складъ**

И. ПИКЪ

Налевки 35, въ Варшавѣ.



עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען ברוכבענדער עלעקטרא־גאלוואנישע וועלכע היילען גרינדליך דעם שווערסטען ברוך, לייבבענדער, בויכבענדער פיר פרויען עלאסטישע זאקען פיר געשוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער וועלכע די אייגענשאפט בעזיצען די אויגען צו שטערקען, אויך פערשיעדענע כירורגישע און אפטישע געגענשטענדע פיר קראנקע, ברוכבענדער ווערדען צוגעפאסט דורך איינען ספעציאליסטען.

---

## בריכות מהודרות

## להשלה כ״ך VII (שביעי) 1901

נמצאו למכר.

מחיר כל כריכה 25 קאפ., עם פארטא 30 קאפ., מחיר כל כרך מכורך מ"השלה" — 3.40 רו״כ.

**Издательство „АХIАСАФЪ", Варшава.**

**Verlag „ACHIASAF", Warschau.**

---

Вышелъ изъ печати:

## ЧАРТЕРЪ

**историко-сравнительное изслѣдованiе**

Г. А. БѢЛКОВСКАГО.

Содержанiе. Неясность представленiя о Чартерѣ Евр. колон. Банка и необходимость Историко-Сравн. изслѣдованiя. Опредѣленiе понятiя. Исторiя Чартеровъ въ Англiи, Голандiи и Германiи. Превращенiе Общества въ Государство. Чартеръ евр. колон. Банка.

**Цѣна 25 коп. съ пересылкой 29 к.**

**Товарищество „АХIАСАФЪ", Варшава.**

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 39

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „
ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנציינען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

קראקויא, תשרי תרס״ב. נומער 39. Krakau, 26 September 1901.

וועגען חג הסוכות וועט „דער יוד“, Nr. 40 ערשיינען די ערשטע וואך נאך יום־טוב.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען!

מיט דער נומער 39 ענדיגט זיך דאס אבאנאמענט אויף דעם „יוד“ פיר די וועלכע האבען אויסגעשריעבען די צייטונג נור ביז צום ערשטען אקטאבער און מיר בעטען זעהר אזוי גוט זיין גלייך ארייגשיקען דאס געלד פיר די ווייטערע צייט כדי מיר זאלען קענען ווייטער שיקען די בלעטער כסדר.

אין די ווייטערדיגע נומערן וועט זיך דרוקען איין פרישע ארבייט פון



ר׳ מענדעלי מוכר ספרים

מיט דעם נאמען

„ישראליק דער משוגענער“.



דער אבאנאמענטס-פרייז פון „יוד“.

| | |
|---|---|
| יעהרליך | 5 רו״כ |
| האלב יעהרליך | 3 „ |
| פיערטעל יעהרליך | 1.50 „ |

אדרעססע פיר רוסלאנד:

Издательство Ахіасафъ, Варшава.

**Verlag Achiasaf, Warschau.**

מינדליך טווארדא נו׳ 6.

## סוכות.

זיבען טאג זיצען יודען אין סוכה. „ציה זיך ארויס פון דיין שטענדיגער וואהנונג און זייך אין א צופעליגער וואהנונג“ אזוי האט מען געהייסען יודען וואהנען יעדעס יאהר נאך דעם שניט, ווען מען האט אלע ברויטען פון די פעלדער אריינגעפיהרט אין הויז אריין. מען האט צופעליג אויף דערוייל געמאכט פאלאטקעס,ביידליך — סוכות און מען האט זיבען טעג אזוי פרעהליך געוואהנט אין די ביידליך אויף דעם פעלד. קען דען זיין א פרעהליכערער יום טוב, א גליקליכערע צייט פאר ערדארבייטער, ווי די צייט נאך דעם שניט, ווען מען פיהרט אראב די נייע ברויטען פון די פעלדער. יונג און אלט פרעהען זיך, דער ארימער און דער רייכער זענען אלע גלייך צופרידען מיט דעם, וואס גאט האט זיי געגעבען פון זייערע פעלדער: יעדער פיהלט, אז זיין ארבייט איז ניט געוועזען אומזיסט, יעדער פיהרט זיינע ברויטען פון די פעלדער צו זיך אהיים מיט זיכערקייט, אז ער האט ברויט אויף א גאנץ יאהר.

א טייערער יום טוב, א פרעהליכער יום טוב! מען זיצט זיבען טעג אין די דערווייל אויף גיך צוזאמענגעשטעלטע ביידליך, עס שמעקען די טייערע ריחות פון די אבגעשניטענע פעלדער, מען שעפט פרישע געזונדע לופט — עס איז יום טוב.

און פון דור דורות אן, יעדעס יאהר צום סוף זומער, אויך נאך דעם שניט, בויען יודען סוכות און מען מאכט יום טוב, נאר מען זעהט ניט ביי יודען קיין פעלדער, מען זעהט ניט, אז יודען זאלען פיהרען ברויטען אהיים און אז די יודישע הייזער זאלען האבען פון וואגען צו לעבען א גאנץ יאהר.

שניט, תבואות און פעלדער זעהט מען ביי אנדערע פעלקער און יודען זיצען אין די סוכות...

זייערע סוכות זענען איצט אויך געבויט צופעליג אויף דערווייל, א פאר דרינגליך, עטליכע דינע ברעטער און א דאך פון גרינגען סכך, קיין שענע ריחות פון די אבגעשניטענע פעלדער פיהלט מען ניט, קיין פרישע געזונדע לופט שמעקט ניט. די וואהנונג אויף דערזווייל—די סוכות שטעהן אין די ענגע ערטער, וואו יודען וואהנען און פון ענגשאפט פעהלט לופט. די סוכות זענען אזוי געבויט, אז איין ווינד קען זיי אין גאנצען צושטערען און צוווארפען.

זיבען טעג צו וואהנען אין צופעליגע וואהנונגען, אין וואהנונגען אויף דערווייל איז נאך ניט אזוי שווער; ביטער איז, וואס יודען וואהנען א גאנץ יאהר אין סוכות, אין ביידליך און אין פאלאטקעס... די יודישע הייזער, די יודישע וואהנונגען, „די היים“, „דאס ווינקעל“ ווי מען רופט עס אן, איז ביי יודען צופעליג, אויף דערווייל. כל זמן עס איז שטיל

רוהיג, שטעהען זיי נאָך, האַלטען זיך נאָך די יודישע סוכות, נאַר ווי באַלד עס מאַכט זיך וואָס עס איז פאַר א ווינטיל אָדער אַ חמאַרע מיט אַ רעגען, ווערען יודישע הייזער צושטערט און צווואָרפען. אוים היים! אוים איין אייגען ווינקעלע! מע ווערט נע־ונד־ניקעס, און דער ווינד צוואַרפט און צוטראַגט דאָס יודישע הויז, די יודישע פאַמיליע אויף פערשיעדענע ערטער.

די יודישע פרנסות און זייער מיטעל צום לעבען זענען געגרינדעט אויף, ווי אימשטיינסנעזאַגט, צוויי דרינגליך מיט עטליכע דינע ברעטליך —אַ סוכה.

וויפיעל מאָל זעהען מיר אַ יודישען בעל הבית, וואָס פיהרט, דאַכט זיך, אַ פיין הויז, האַלט שען אוים זיין פאַמיליע, ערציעהט לייטיש זיינע קינדער, און פלוצים זעהען מיר, ווען עס מאַכט זיך נור אַ געוועהנ־ליך אומגליק, ווי אַ שרפה, אַ קראַנקהייט ווי עס איז שוין אוים הויז, אוים פאַמיליע, דער דלות האַפט זיך באַלד אַריין, און דאָס יודישע הויז, די יודישע פאַמיליע ווערט צוואַרפען אויף שטיק שטיקליך. ניטאָ מעהר דער יודישער בעל־הבית, ניטאָ די יודישע פאַמיליע, די נויט האָט זיי צוואָרפען אויף פערשיעדענע ערטער און לענדער, איינער ווייס ניט פון צווייטען. פאַר קלענערע יודישע בעלי בתים׳ליך איז גענוג דאָס קלענסטע אומגליק. עפּיס וואָס קומט פאַר אין לעבען, איז שוין פון זייער בעל־בתישקייט קיין זכר נישט דאָ.

אָט די אַלע יודישע קרעמליך, געוועלבליך און קראָמען, מיט וועלכע דאָס מעהר יודען פערנעהמען זיך און פון וועלכע זיי ציהען פאַר זייערע פאַמיליען ברויט, זענען דען פעסטער פון די סוכות? דאָס ערשטע ווינדטעלע מאַכט פון זיי אַ תל. אוים בעלי בתים, אוים קרעמער, נייע קבצנים, נייע נע־ונד־ניקעס.

היינט ווען עס טרעפען זיך חס ושלום די גרויסע בעקאַנטע ווינד־טען, ווי אין די לעצטע יאָהרען אין רומעניען, — וואָס ווערט דאַן פון די יודישע הייזער פון די יודישע סוכות!

אַ פערגנוגען איז זיעבען טעג צו זיצען אין אַ סוכה, אַ גרויס פערגנוגען איז זומער צו וואָהנען אין אַ זומערוואָהנונג, נאַר שלעכט און ביטער איז צו זיצען אין אַ סוכה אַ גאַנץ יאָהר אין אין אַ זומערוואָהנונג וואָהנען ווינטער...

״וְשָׂמַחְתָּ בְּחַגֶּךָ אַתָּה וּבִנְךָ וּבִתֶּךָ וְאַמָתֶךָ״ דו און דיין גאַנצע פאַמיליע זאָלען זיך פרעהען אין די זיבען טעג יום טוב, ״כִּי יְבָרֶכְךָ אֱלֹהֶיךָ בְּכֹל תְּבוּאָתְךָ וּבְכֹל מַעֲשֵׂה יָדֶיךָ״, גאָט וועט דיך בענשען מיט פרנסה און אין אַלעם וואָס דו וועסט טהון.

מיר דאַרפען טהון, אַ סך טהון, אַז די לאַגע פון יודישען פאָלק זאָל זיך פערבעסערען, אַז דער פונדאַמענט פון יודישע פרנסות זאָל זיין שטאַרקער און פעסטער, אַז דאָס ערשטע קלענסטע ווינטיל זאָל ניט קענען אַזוי גיך צושטערען יודישע הייזער. ווען עס טרעפט חס ושלום אין אַ יודיש הויז איין אומגליק, דאַרפען מיר באַלד העלפען און זוכען מיטלען ווי דאָס יודישע הויז צו דערהאַלטען, עס זאָל אין גאַנצען ניט צושטערט ווערען, כדי עס זאָלען קיין נייע אָרימע לייט און נע־ונד־ניקעס ביי אונז ניט צוקומען.

יודען זענען געוואָהנט צו העלפען נור דעם, וואָס שטרעקט אוים די האַנד. נאַר מיט אַזאַ הילף קען מען ווינציג העלפען. וויכטיג איז צו העלפען דעם, וואָס קען ניט אויסשטרעקען די האַנד, — דעם, וואָס קען דורך באַלדיגע הילף בלייבען שטעהן אויף די פיס און זיך דערנאָך אַליין העלפען.

# פעלעטאָן.

## ווער זאָל שופר בלאָזען?

חסידים דערצעהלען אַ שרעקליכע מעשה.

אמאָל האָט דער רבי זכרונו־לברכה, געבלאָזען שופר. דער רבי זכרונו לברכה איז געווען אַ אויסגעצייכענטער „בעל־תוקע״. זיינע ״תקיעות״ האָבען געשס׳ט אויף גאַנץ ״וואָהלין״ און אפשר נאָך ווייטער, אום צו הע־רען זיינע ״תקיעות״ פלעגען זיך צוזאַמענפאָהרען חסידים פון דער גאַנצער וועלט, אפילו פון דער ליטא. מען דאַרף אַליין פערשטעהן, אַז דער ״רבי״ האָט זיך מסתמא נוט מכין געווען צום שופר בלאָזען, מיט תפילות, מיט מקוואות, מיט יהי־רצון׳ס, מיט ״זוהר״ אַזוי וואָס בעסער קען שוין ניט זיין; דער ״שופר״ איז אויך געווען אַ אויסגעצייכענטער, דעם רבין׳ס אַלטער שופר, אויף וועלכען ״ער״ זכרונו־לברכה, האָט געבלאָזען כל־ימיו, דערצו האָט מען איהם, דעם שופר ניט דעם רב, געווייקט אין עסיג דריי טעג פאַר ראש השנה. בקיצור, אַלעם איז געווען אין בעסטער אָרדנונג.

ויהי היום, און עס איז געווען דער ערשטער טאָג, ראש השנה, דעם ״רבין׳ס״ מנין, איז געווען פול און פול, די גאַנצע שטאָדט מיט אַלע, פרעמ־דע אורחים. האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען צום רבין׳ס ״מנין״, די גאַנצע גאַס אַרום איז געווען בעלאַגערט מיט מענשען, ווייבער מיט קינדער, מען וואַרט אויף תקיעות. דער עולם האָט שוין לאַנג אָבגעזאָגט למנצח... דער בעל תוקע האָט אויסגערופען אין דער שטיל: תקיעה! דער רבי האָט גענומען דעם שופר צום מויל... ער בלאָזט... ער בלאָזט, אָבער... ניט פון אָרט. דער שופר אַזוי ווי ער איז פערשטאָפט געוואָרען, אַזוי ווי אוים שופר... דער שטן, האָט זיך אָנגענומען אַלע זיינע כחות, און האָט זיי אַריינגעלעגט אין רבין׳ס שופר... נאָך אַמאָל האָט דער רבי געפּרוּווט... אַ צווייטעס מאָל, אַ דריטעס מאָל... עס העלפט ניט. אַ פחד, אַ ציטערניש, איז אָנגעפאַלען אויפ׳ן עולם, יעדער קלערט׳ וואָס וועט דאָ זיין, וואָס פאַר אַ יאָהר קען דאָ זיין חלילה נאָך אַזוינע תקיעות. און וואָס קען דאָ דערפון אַרויסקומען...

דער רבי, דערצעהלען די חסידים ווייטער, האָט געוואַרט אַ ווײלע, און דערנאָך האָט ער מיט כעס, אַ וואָרף געטהון דעם שופר אויפ׳ן שולחן, און האָט מיט גרויס התלהבות געזאָגט: רבונו של עולם, אַז דיר איז ניט ניחא דאָס איך זאָל שופר בלאָזען, טאָ לאָז שוין איוואַן (דעם רבין׳ס קוטשער) בלאָזען!

און מעהר דערצעהלט מען ניט... דערמיט ענדיגט זיך די מעשה.

און אַלע ראש השנה קומט מיר די נעשיכטע אַרויף אויפ׳ן זינען, און איך קלער ביי זיך, רבונו של עולם פאַר וואָס איז דאָס אַזוינס, אַז ווען מיר קלויבען זיך נאָר צוזאַמען שופר בלאָזען, קומט באַלד דער שטן צווי־שען אונז, לאָזט ניט בלאָזען. און עס ענדיגט זיך דערמיט, דאָס ניט מיר... נאָר איוואַן, בלאָזט פאַר אונז שופר...

און ער בלאָזט, געוועהנטליך ווי איוואַן דאַרף בלאָזען... ווי איוואַן קען בלאָזען... מיט אַ:דערע, גאָר אַנדערע יהי רצון׳ס... מיט אַנדערע פסוקים. דער שטן אַנטלויפט פאַר איהם, און עס ווערט אַלעם רעכט... ביי אונז אָבער איז באַלד דער שטן אין מיטען...

ער האָט אויף אונז אַ גרויסע שליטה, ער איז צו פיעל אַ בן־בית ביי אונז. ניט נור אים ראש השנה, אויך אַלע ימים טובים, פסח, שבועות, סוכות, און אפילו אין געוועהנטליכע שבתים! און אַלע טאָג איז ער דאָ צווישען אונז, ער שפרינגט אַרום, דער שענער בחור, אין אַלע אונזערע בתי מדרשים, אין אַלע שוהלען, וואו אַ חברה, וואו צוויי יודען—איז ער אַ דריי־טער, און מאַכט אָן מישענישען, מחלוקת׳ן און מסירות... ער בעווייזט זיך אין אַלערליי פאָרמען, דאָס ווי אַ פרומער, אַ כשר׳ער יוד נעמט ער זיך אָן

ווענען דעם אלעמען דארף מען טראכטען טאקי איצטער, ווייל באלד נאך דעם יום טוב סוכות הויבט זיך אן א לאנגער ווינטער, ווען אין פיעל יודישע הייזער בלאזט דער זוינד ווי אין די סוכות.

דאן ווען מיר וועלען טראכטען אז אונזערע ארימע ברידער זאלען א גאנץ יאהר וואהנען אין הייזער און האבען תבואות אויף א גאנץ יאהר, דענסטמאל קענען מיר יעדעס יאהר מיט פערגניגען זיצען זיבען טעג אין סוכה און זיך אויך פרעהען מיט דעם פרעהליכען יום טוב, ווען ניט ווי א מאל אונזערע עלטערן נאך דעם שג״ט, נאר דאך וועלען מיר וויסען, אז עס איז ביי אונז יום טוב.

מ. ס.

---

## א פערשפיצטער מח.

אין „יוד" נר׳ 30 איז געדרוקט איין ארטיקעל מיט דעם נאמען „ליטעראטור און לעבען". ה׳ ווארטסמאן — דער שרייבער פון דעם ארטיקעל — בעווייזט, דאס ביי אלע פעלקער אין דער וועלט איז דאס לעבען צוזאמענגעקניפט מיט דער ליטעראטור,ביידע זענען אבהענגיג איינע פון די אנדערע און ביידע ווירקען איינע אויף די אנדערע. דערייבער אז מיר ווילען דאס יודישע פאלק זאל אויפלעבען, מוזען מיר זעהן די ליטעראטור זאל פערבעסערט ווערען, ווייל זי, די ליטעראטור, איז איינע פון די וויכטיגסטע מיטלען צו ווירקען אויפ׳ן פאלק. און ווייל דאס רוב פון אונזער פאלק פערשטעהט נור אויף פראסט זשארגאן, דערום דארף מען זיך סטארען צו פערבעסערן און פערפיינערען די זשארגאנישע ליטעראטור — ניט קארמענען דעם עולם מיט פוילע וויצען פון למח און צמח — און זיך בענוצען מיט איהר, כדי צו ענטוויקלען אין אונזער פאלק בעסערע זיטען און שענערע געפיהלען, אויפמונטערען אין איהם דעם נאציאנאלען שטאלץ און אזוי ביסליבווייז בריינגען איהם דורך די זשארגאן־שפראך דערצו, אז העברעאיש זאל ווערען זיין פאלקס־שפראך. אלע אמת׳ע פאלקספריינד — זאגט ה׳ ווארטסמאן — דארפען דערצו מיטהעלפען און מיטווירקען, כדי דעם הייליגען צוועק צו דערגרייכען, און די איינציגע העברעאישע שרייבער, וואס זאגען, אז זיי שעמען זיך מיט׳ן זשארגאן, זענען אומגערעכט, ווייל דאס רוב פאלק פערשטעהט נאך פארלייפיג דאך קיין אנדער שפראך אויסער דעם זשארגאן.

דוכט זיך גאנץ איינפאכע און קלאהרע ווערטער, וואס יעדער יוד, וועלכער זא־גט פיעל וועניג פאר די אויפלעבונג פון יודישען פאלק, מעג זיך אונטערשרייבען אונטער זיי מיט ביידע הענד.

אבער נישט אלץ וואס איז קלאהר און איינפאך פאר אלע מענשען און אלע יודען איז דייטליך און קלאהר פאר אזוי א פערשפיצטען מח ווי ביי דעם „רויטען יודיל" (א מין פערשטעלטער) פון „המליץ". ער האט מיט זיין שפיטציגען מח געמאכט א טיפען פשט׳יל און נעדרונגען פון דעם ארטיקעל 3 זאכען: ערשטענס, אזוי ווי ווארטסמאן זאגט אז אלע פאלקספריינד דארפען צוהעלפען דער זשארגאן־ליטעראטור — איז דאך דערפון געדרונגען, אז די העברעאישע שרייבער, וואס שרייבען נישט קיין זשארגאן, זענען „שונאי ישראל"; צווייטענס, אזוי ווי די רעדאקציע פון „יוד" האט געדרוקט אזא ארטיקעל פון אנהויב בלאט — איז דערפון געדרונגען, אז די גאנצע רעדאקציע פון „יוד" רעכענט אלע העברעאישע שרייבער פאר „שונאי ישראל", און דריטענס, אזוי ווי דעם „יוד" ניט הערוים חברת „אחיאסף" — איז דערפון א בעווייז, אז גאנץ חברת „אהיאסף" איז מוציא לעז אויף אלע העברעאישע שרייבער און וויל אונטערברייננען די העברעאישע ליטעראטור.

---

נאטם קריוודא, דאס ווי א היינטמאדישער, א בעל־טובה, א קהל מענש... א רב, א ראבינער... ווי נאך דער צייט נאך. איבערהויפט אבער קומט ער צום שופר בלאזען... און קיין מאל איז ער נאך אזוי שטארק ניט געוועזן. קיין מאל האט ער ניט בעוויזען אזוי פיעל קראפט, ווי אין די לעצטע יאהרען... צייט מיר האבען אנגעהויבען צו רעדען וועגען "שופר בלאזען"... און וואס מיר רעדען אלץ מעהרער וועגען דעם, ווערט ער אלץ שטארקער, און שטארקער, און זוכט אלערליי מיטלען צו מבלבל זיין אונזערע תקיעות... זעהענדיג דאס אלץ, ווערט שווער אויפ׳ן הארצען, און איך טראכט ביי זיך... רבונו של. עולם, וואס וועט מיט אונז זיין... צי דען וועלען מיר טאקי ניט קענען אליין בלאזען שופר — און ווארטען איצט, ביז וואנען אנדערע וועלען פאר אונז שופר בלאזען?

ליידער צו דעם גייט עס. מען לאזט אונז ניט שופר בלאזען. שוין צייט עטליכע יאהר, זינט מיר "בלאזען אין שופר", דוכט זיך, מען האט שוין געקענט דערהערען אין אלע ווינקעליך, וואו נאר יודען זענען פארהאן... נאר מעשה שטן, און דאס פאלק הערט ניט. דאס פאלק א פנים, ווארט איוואן זאל בלאזען!

און דאך, איז דער אלטער רבי, א ליכטיגען גן עדן זאל ער האבען, נעוועזן אומגערעכט. דעם "שופר" ארויסלאזען פון מויל, אוועקווארפען, האט ער ניט נעדארפט, ניט געטארט... ווי לאנג ס׳איז מעגליך, דארף מען האלטען דעם שופר אין מויל און בלאזען. אפשר, וועט פארט א מאל דאס פאלק דערהערען... אמת דער שטן איז שטארק... אבער, דער ציוניסטישער רעיון, גלויבען מיר, איז נאך שטארקער...

די נייע נוטע יודען אונזערע איצטער, גלויב, איך, וועלען עס ניט טהון, ווי שווער ס׳איז זיי צו בלאזען שופר צו א טויב־שטומען פאלק, ווי שטארק ס׳איז ניט דער שטן מקטרג, דאך וועלען זיי דעם שופר פון מויל ניט ארויסלאזען, זיי וועלען איהם ניט אוועקווארפען... און נאך מיט מעהרער קראפט, מיט גרעסערע טנערגיע ווי ביי די פריהערדיגע יאהרען וועלען זיי שופר בלאזען, אפשר, וועט פארט דאס פאלק דערהערען...

לאמיר גלויבען, לאמיר האפען...

א. ל. לעווינסקי.

---

## דעם זיידענס סוכה.

אז דער שול־חזן האט מוצאי־יום־כפור אויסגעבלאזען די לעצטע תקיעה, און דער עולם האט געחאפט און נעשלונגען דעם אנגעווארפענעם מעריב — דעמאלס פלעגט זיך מיין זיידע ע״ה ערשט אויפ׳ס ניי אוועקזעצען אין סאמע מזרח, און נעדולדיג, ניט אייליגדיג פלעגט ער א זיפץ טהון צום הימעל. דאס האט נעהייסען, גלייך ער וואלט זאגען: „אט זעהסטו, רבונו של עולם! איך אייל זיך ניט, פערקעהרט, אפשר ווילסטו נאך א תענית פון איצט אן, בין איך מצדי נרייט"! און מיט פערטראכטונג פלעגט ער א קוק טהון אויפ׳ן עולם: „רעבתנים! מנושמ׳ע פרעסערם! פלעגט ער א ברום טהון אויף זייער חשבון: דער רוח חאפט זיי נאך דער אכילה!"

און אבגעדאווענט מעריב בנעימות׳דיג, געצויגען דעם „אחד" לויט שעור, געשטאנען די שמונה עשרה אביסיל מעהר נאך פונ׳ם שעור, פלעגט ער מיט געמאסטענע טריט ארויסגעהען פון קלויז און — גליקליך איז ער געוועזן, אז ער האט געטראפען א לויטערען הימעל מיט א אויסגעשטשערבעטער נאר ריינער לבנה! דאס איז געוועזן ווי א משכון געגומען ביים רבונו של עולם אויף א גוט יאהר...

און אך וואס פאר רקודים ער פלעגט מאכען קעגען דער לבנה! ממש ער וויל דערלאנגען! אראבחאפען! פערהאפען אין זיינע הענד אריין... און אריינקומענדיג צו זיך אין שטוב, פלעגט ער אויף דער שוועל א ווײלע פערבלייבען און אויסשרייען איבער׳ן גאנצען הויז: „א גוטען חודש, א גוטע וואך, א גוט יאהר אויף כלל ישראל און אויף אייך אלע"! —

ובכן, שטעלט אן דער "רויטער יודיל" א וויינענדיג פנים און שרייט: קאראול! אחב"י האט רחמנות, "אחיאסף" וויל אונטערברייננגען העברעאיש! גוואלד, יודען ראטעוועט!

אט וואס א שפיטצינגער מח קען אויפטהון!

און וואו דרוקט מען אזעלכע שפיטצליך?

כְּדֶרֶךְ הַטֶּבַע אין "המליץ", דארט איז דער ארט פאר אזעלכע אנטיקליך!

שרייט ניט אזוי ר' רויטער יודיל! בערוהיגט אייך אויך איהר הערר רעדאקטאר פון "המליץ"!

נישט "אחיאסף", נישט דער "יוד" און נישט ווארטסמאנס ארטיקעל בעליידיגען די העברעאישע ליטעראטור, נאר ליידער די העברעאישע צייטונג "המליץ" אליין. די שטענדיגע פלאפלעריי, די שטענדיגע בלבולים, די שטענדיגע זלזולים, די בטלנות, די מאנעווערס פון בעל דרש'ערס, די געלטליכע אינטערעסען, וואס מען שפירט פון יעדער שורה אין די לעצטע עטליכע הדשים — דאס בעליידיגט די העברעאישע ליטעראטור און דאס געפיהל פון יעדען איידעלען מענשען צווישען יודען.

אויב איהר זארגט ווירקליך פאר דעם קיום און דעם כבוד פון אונזער העברעאישער ליטעראטור, איז די ערשטע עצה הָסֵר כַּעַס מִלִּבְּךָ. זענט נישט אזוי בייז און אויפגערעגט אויף די אלע, וואס בעשעפטיגען זיך מיט צייטונגען און דרוקזאכען, שאפט אב די זידלעריי און שטעכלעריי, דען זידלעריי און שטעכלעריי הייסען נישט קריטיק, בשום אופן נישט. מיט איין ווארט זארגט בעסער, עס זאל ביי אייך זיין א כתיבה טובה, וועט ממילא אויך זיין א חתימה טובה, ווי עס ווינשט פון האַרצען אייך און אלע יודען א אמת'ער פריינד, נישט קיין פערשטעלטער, נאר פשוט

ד ע ר "י ו ד".

---

# וועגען דעם בילד „אהרן משה און חור".

אין המליץ נו' 195 האט איינער די חוצפה צו זאגען, אז דאס בילד "אהרן משה און חור", וואס מיר האבען נעגעבען אונזערע לעזער אלס ביילאגע צום "יוד" נו' 21, איז נ י ש ט י ו ד י ש ל י ך און האט א פ נ י ם פ ו ן ק א ט ה א ל י ש ע ה י י ל י נ ע. מיר בעדויערן הערצליך די גרויסע אונוויסענהייט פון יענעם קעננער פון קונסט. דאס בילד איז א קאפיע פון דעם ב ע ו ו א ו ס ט ע ן סקולפטור־בילד "מאזעסגרופפע", וואס האט געמאכט דער בעריהמטער כ ר י ס ט י א ן ר ו י ך, און דאס ארגינאל געפינט זיך אין פאלאץ פון קייזער פריעדריך אין פאטסדאם. ווי ווייט דאס בילד איז יודישליך, איז גענוג ווען מיר בעמערקען, אז עס זענען דאריבער אויך שוין פיעל ארטיקלען געשריבען געווארען, אום צו בעווייזען, ווי ווייט דער קינסטלער האט זיך געהאלטען אן די יודישע מסורה.

---

# פאליטישע איבערזיכט.

מאק־קינלייס טויט. — מאק־קינלייס לעבען. — דער נייער פרע־זידענט. — דער רוסישער קייזער אין דייטשלאנד. — א בקשה צו דער האגער פרידענסקאמיסיאן.

דער פחד פון אמעריקא און אייראפא איבער מאק־קינלייס לעבען איז געוועזן ניט אומזיסט. פון דער איבערגעבליבענער קויל איז אריינגע־טרעטען א אנצינדונג און דער פרעזידענט איז דעם 14־טען סעפטעמבער 2 אזייגער פאר טאג געשטארבען. די ידיעה וועגען זיין טויט האט אנ־געמאכט א גרויסען רעש אין אמעריקא און ארויסגערופען א אמת'ן גע־פיהל פון טרויער אין גאנץ אייראפא. די איינוואהנער פון בופאלא, וואו עס איז בעגאנגען געווארען דאס שרעקליכע פערברעכען, האבען זיך

---

און יעדען פלעגט זיך אויסווייזען, אז ער ווינשט ניט — נאר ער זאגט צו, ער איז מַבְטִיחַ אויף זיכער...

און די באבע פלעגט ענפערן, ווי אויף צו לְהַכְעִיס, צוריק צו וועגס און מיט א שטיקל שִׁנּוּי: „א גוטע וואך, א גוט יאהר, א גוטען תָּמִיד אויף אונז אלע און אויף כלל ישראל"!

צי האט זי איהם געוואלט געבען א אנצוהערעניש, אז באלד די וואכען זענען גוט, איז שוין דאס יאהר מְמִילָא ניט שלעכט?!...

„און אז פריהער דארף יעדען פ'ן אונז גוט זיין — וועט שוין דעם כלל ישראל ממילא ניט שלעכט זיין?!"

נאר אין איהר ענפער האט זיך געהערט א ציטער, איין אבגעריסע־נער שטיק קרעכץ פון ביי טאג, א אונזיכערהייט...

און נאך בראנפען מיט לעקיך מיט א גלעזיל ווארים'ס, האט דער זיידע ארומגענומען דאס הויזגעזינט מ'ט איין בליק, און האט קיינעם פון אונז ניט פערלארען. ס'איז געוועזען א בליק פון א גבור אז ער קעהרט זיך אום פון מלחמה מיט נצחון... יעדען בעזונדער פלעגט ער אויספרעגען, ווי דער תענית איז איהם צוגעגאנגען; דעמאלס פלעגען מיר זיך אלע מיט אמאל צולאזען מיט ערקלערונגען: איינער האט געזאגט, אז עסען האט זיך איהם אפילו ניט געחלומ'ט, נור קאפ וועהטאג האט ער אביס'ל גע־ליטען; דער צווייטער האט זיך בעקלאגט אויף דארשט, טהייל האבען זיך גענומען בעמאלען ווי דער קאפ האט זיך זיי פערדרעהט פון די שטארקע טראפענס, מיט וועלכע דער זיידע האט יעדען פון אונז פערזארגט — נאר די באבע פאלט אריין אין מיטען און רייסט איבער דעם שמועס: גענוג, גענוג פלוידערן! נאך א תענית דארף מען ניט רעדען! ניטא קיין כח! נעמט עסט בעסער! נאר האט אין זינען: חאפט זיך ניט צו!"

און ביים רייך געדעקטען טיש, מיט יום־טוב'דיגע מאכלים, צווישען פרעהליכע קינדער מיט אייניקליך — איז אין מיין זיידען ניט געווען צו דערקענען דעם ערשט ניט לאנג איינגעהויקערטען, צובראכענעם, פערצווייפעלטען יודען, וואס ווייס, אז זיין לעבען און זיין גאנץ הויזגעזינט הייגנט נאך אויף איין מינוט... איין רֶגַע... און שרייט פינ'ם האַרץ ארויס: „שַׁעֲרֵי שָׁמַיִם פְּתַח... עֲבוֹר כִּי פָּנָה יוֹם!"

און באלד נאך איבערהאפען דעם תענית, אז די באבע האט אויס־געשריען, אז מעהר גיט זי ניט קיין עסען ביז אין צוויי שָׁעָה ארום, ווייל נאך א תענית טאר מען גיט עסען א סך — האט דער זיידע זיך אויפגעהויבען אין ז'ין גאנצער הויך, צוריק זיך ארומגעגארטעלט, אנגעשטעקט די פאלעם אין נארטיל, געהייסען זיך דערלאנגען א אייזערנע לאפאטע, און פלעגט מיך נעמען פאר'ן אויער — וואס איז תמיד געווען א סִימָן מוּבְהָק אז ער איז שטארק אויפגעלעגט: „וועסט מיר העלפען?" פרעגט ער מיך, דאכט זיך, ערנסט.

"יא!" פלעג איך אויסשרייען, און בין שוין געווען פארויס פאר איהם אין דרויסען.

און דער זיידע פלעגט זיך נעמען קלויבען איין ארט, מעסטען די ווענד, קוקען צום שפיץ בוים, וואס איז איינער אליין געשטאנען, ווי א פרעמדער אויפ'ן הויף; אבשאצען ווי ווייט זיין שאטען גרייכט, דערביי פלעגט מען די באבע אויך ארויסרופען אויף איין עצה; עס פלעגט ווערען א שפארעכט'ס: די באבע האט געוואלט, מע זאל בויען די סוכה וואס נעהנטער צו דער קיך, די יוך זאל ניט, קיהלען, טראגענדיג אין סוכה אריין; דער זיידע פלעגט וועלען וואס ווייטער פונ'ם בוים, דער שאטען זאל ניט גרייכען. דער סוף איז געבליבען — מ'האט געמאכט די סוכה אויף דעמ־זעלבען פלאטץ, וואו זי איז פאריאהרען און אלע יאהר געשטאנען.

אין.. שא! דער זיידע נעמט זיך צו דער ארבייט!... אבגעצייכענט א פיערעקיג שטיק פלאטץ, פלעגט מען מיך שטעלען פאר א סימן אויף דעם ארט, וואו עס דארף געגראבען ווערען איין גרוב, מיין קליין ברודעריל—

פֿערזאַמעלט ביי דער טורמע, אין וועלכער עס זיצט דער פֿערברעכער, דער אנאַרכיסט טשאָלגאָס, כדי איהם אַרויסצורייסען פֿון דער פּאָליציי און איהם צוצורייסען אויף שטיקער. 2 פּולקען סאָלדאַטען האָט מען געדאַרפֿט האָבען, כדי איינצוהאַלטען דאס פֿאָלק, וואָס האָט זיך געוואָלט נוֹקם זיין פֿאַר דעם טויט פֿון דעם געליעבטען פּרעזידענטען. אַלע אייראָפּעאישע מלכים האָבען געשיקט דעפּעשען מיט דעם אויסדרוק פֿון זייער טרויער, אַלע צייטונגען בעוויינען דעם טויט פֿון אַ מענשען, וואָס איז געפֿאַלען פֿאַר אַ קרבן פֿון ווילדע מענשענפֿיינדליכע תורות.

דער פֿערשטאָרבענער מאַק־קינליי איז געבאָרען אין יאהר 1844. די העכסטע שטעל, וועלכע ער האָט דערגרייכט אין אמעריקא, האָט ער צו פֿערדאַנקען נור זיך אַליין: זיינע פֿעהיגקייטען און זיין פֿעסטען אייזערנעם כאַראַקטער. ער שטאַמט פֿון אַ אָרימע פֿאַמיליע און פֿון זיין פֿריהער יוגענד אָן האָט ער שוין אַליין געמוזט זוכען צו פֿערדינען. זענענדיג 17 יאָהר אַלט, איז ער אַריינגעטרעטען אין מיליטערדיענסט. איבער 4 יאהר אַרום איז ער שוין געוועזען מאַיאָר. אין די מלחמות אין וועלכע ער האָט טהייל גענומען, איז ער אַלע מאָל דער ערשטער געוועזען. „די נאַכט איז פֿאַר איהם, זאָגט זיין לעבענסבעשרייבער קיינמאָל ניט צו פֿינסטער געוועזען און דאס וועטער איז איהם קיינמאָל ניט צו קאַלט געוועזען".

נאָך דער מלחמה איז מאַק־קינליי אַנגעקומען אין אוניווערזיטעט. ער איז געוואָרען איין אַדוואָקאַט און האָט זיך בעזעצט אין אַ קליין שטעדטיל. אין יאָהר 1870 האָט מאַק־קינליי התונה געהאַט מיט אַ אָרימער לעהרערין. איבער 7 יאהר אַרום איז ער צום ערשטען מאָל אויסגעקליבען געוואָרען פֿאַר אַ דעפּוטאַט פֿון דעם אַמעריקאַנישען פּאַרלאַמענט און דאָ הויבט זיך אָן זיין פּאָליטישעס לעבען. מאַק־קינליי האָט ניך אַנגעהויבען צו שפּיעלען אַ ראָלע אין דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, וועלכע איז אַרויסגעטרעטען מיט דער פֿאָהן: אמעריקא פֿאַר אמעריקאַנער. מאַק־קינליי איז אין דער האַנדעלספּאָליטיק געוועזען פֿאַר הויכע אבצאָהלונגען אויף אייראָפּעאישע סחורות, כדי ניט צו דערלאָזען די פֿערברייטונג פֿון אייראָפּעאישע פּראָדוקטען אין אַמעריקא. אין דער פּאָליטיק איז מאַק־קינליי שטענדיג געשטאַנען שטאַהל און אייזען פֿאַר די שיטה, אַז אייראָפּאַ טאָר זיך ניט מישען אין די פֿראַגען פֿון די אמעריקאַנישע מלוכות. אין 1836־סטען יאָהר איז מאַק־קינליי צום ערשטען מאָל אויסגעקליבען געוואָרען פֿאַר אַ פּרעזידענט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען. אלס פּרעזידענט האָט ער זיך געשטעלט צום צוועק, צו מאַכען פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען, וואָס זענען שטענדיג געוועזען נור אַ האַנדעלסלאַנד, אַ שטאַרקע מלוכה מיט אַ גרויסען היל און פֿלאָט. אונטערשטיצט פֿון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, האָט ער אַנגעהויבען די מלחמה מיט שפּאַניען, נאָך וועלכער עס איז אויסגעברייט געוואָרען די הערשאַפֿט פֿון אמעריקא אויך איבער אַנדערע לענדער (קובא, פּאָרטאָ־ריקא, פֿיליפּינען). אונטער איהם האָט אמעריקא אויך אָנגעהויבען מיטצורעדען אין די פֿראַגען פֿון אייראָפּעאישער פּאָליטיק און אין דער מלחמה מיט חינא איז שוין דער אמעריקאַנישער היל געשטאַנען גלייך מיט די חיילות פֿון די אַנדערע מלוכות.

אזא פּאָליטיק פֿילט אָן די הערצער פֿון די פּראַקטישע אמעריקאַנער מיט שטאָלץ און מיט שמחה, און אין דעם פֿערגאַנגענעם יאָהר איז מאַק־קינליי צום צווייטען מאָל אויסגעקליבען געוואָרען פֿאַר אַ פּרעזידענט מיט אַ גרויסער מעהרהייט פֿון דעות. מאַק־קינליי איז ניט געוועזען קיין גרויסער רעדנער, אָבער זיינע רעדען זענען געוועזען קלאָר און קרעפֿטיג. ער האָט געהאַט אַ קרעפֿטיגע שטימע און האָט אָפֿט אויך גערעדט

---

אויף אַ צווייטען אָרט; מיין שוועסטעריל — אויפֿ'ן דריטען, איך האָב געוואוסט, אַז זיי שטעלט מען דאָרט נור, כדי זיי זאָלען ניט איבערשלאָגען דעם זיידען די אַרבייט. נאָר אויף זיך האָב איך געגלויבט, אַז איך בין נייטהיג אויף מיין אָרט: ווען איך זאָל אויף איין רגע חס־ושלום אַוועקגעהן פֿונ'ם אָרט, וואָלט די סוכה אַרוים קרום... אויף מיר שטעהט עס אין גאַנצען, האָטש וואָס איך לעג קיין תּפֿילין ניט... און מיין זיידע האָט געשעפּטשעט עפּים אַ לְשֵׁם־יִחוּד און — אַריינגעגראָבען די אייזערנע לאָפּאַטע וואָס טיעפֿער אין דער ערד...

מען האָט דעמאָלס ניט דערקאַנט אין איהם אַ יוד, וואָס קאָן אַ גאַנצען טאָג שטעהן אין קלויז אָהן אַרבייט, נור מאַכען און מאַכען מיט די ליפּען... האָטש שטעלט איהם אַוועק איין אייזענבאַהן גראָבען!...

דערפֿאַר אָבער ביים אַרויסנעמען די לאָפּאַטע, פֿלעגט שוין שווער צוגעהן, אַראָב געהט'ס גרינגער... ביי דער צווייטער גרוב פֿלעגט ער שוין צושוויטצען, און די באָבע פֿלעגט איהם איהר גראָבען שאַיל אַרויסטראָגען, ער זאָל זיך ניט צוקיהלען. ביים דריטען פֿלעגען מיר שוין אַלע העלפֿען. די פֿיערטע גרוב פֿלעגט שוין פֿעדקא דער סטאָראָזש מאַכען פֿאַר אַ טרונק בראָנפֿען, פֿערשטעהט זיך — „גע'מ'ם'טען".

„אַבי די גריבער זענען דאָ, טרייסט זיך דער זיידע, ס'איבעריגע וועט שוין מאָרגען פֿעדקא דערמאַכען פֿאַר אַ גילדען".

און דאַמאָלס האָבען מיר זיך אַלע אומגעקעהרט אין שטוב אַריין.

איטליכער האָט געסאָפּעט, געווישט דעם שוויים פֿון שטערן... די באָבע פֿלעגט אונז אַרומקוקען פֿערזאָרגט, פֿערוויקעלט די העלזליך, געטריבען דעם זיידען פֿון נעבען טיהר און פֿענסטער, ער זאָל חס־ושלום ניט האַפּען אַ לופֿט; און עס פֿלעגט זיך אָנהויבען איין אַלטער וכּוח:

„נו, דאַרף איך דאָס האָבען?! פֿלעגט זי אַזוי אַלע יאָהר טענ'ן: ניט גלייכער דען אַ געבויטע סוכה?! איינמאָל אויף תמיד! פֿערשפּאָרען אַלע מעשׂות! קלאַפּען, בויען, גראָבען — ס'איז דאָך אַ נוי'שע אַרבייט!"

נאָר דער זיידע פֿלעגט זאָגען, אַז אַ סוכה דאַרף זיין אַלע יאָהר אַ נייע, אַ סוכה אויף תמיד האָט עפּים קיין טעם ניט. גלאַט אַ שטוב! וואָס איז דאס פֿאַר אַ סוכה! ניין, אַ סוכה דאַרף זיין אַלע יאָהר איין אַנדערע.. אַ נייע..." — מיין טאַטער פֿלעגט זיין אַ מפשר: „אַ סוכה — אַ געבויטע האָט טאַקי עפּים קיין טעם ניט, פֿלעגט ער מודה זיין דעם זיידען, נאָר בויען אַלע יאָהר דאַרף מען אויך ניט. מע דאַרף נור ניט צוואַרפֿען די אַלטע סוכה... און אַלע יאָהר נור פֿעררייכטען... פֿעררייכטען איז גרינגער אַוודאי ווי בויען"...

און אַלע יאָהר נאָך סוכּות, אַז מ'האָט געדאַרפֿט צוואַרפֿען די סוכה — פֿלעג איך פֿיהלען אַ משונה'דיג ווילדען תענוג: די אַרבייט געהט אַזוי גרינג! ריהרסט אַ צוואַק קריכט נאָך דער צווייטער; איין ברעט פֿאַלט אויף די אַנדערע, ביידע ריהרען אַ דריטע.. און נאָך איין גוטען שאָקיל פֿאַלט זי אום אין גאַנצען — נאָר דאָך ביים פֿאַלען פֿלעגט זיך מיר הערען אַ קרעכץ... די אַלטע סוכה קרעכצט.. און עס פֿלעגט מיך נעמען אַ טרויער. נאָך וואָס צוואַרפֿען?! עס קומט דאָך אַזוי שווער אָן דאָס בויען! ניט גלייכער דען ווי מיין טאַטע זאָגט — פֿעררייכטען איז גרינגער ווי בויען אויפֿ'ם ניי! מע וואָלט פֿערשפּאָרט „פֿעדקען" פֿאַר איין אונטער־העלפֿער. — —

גוטער, אַלטער זיידע! דו ביזט שוין לאַנג אויפֿ'ן עוֹלָם הָאֱמֶת, און די שְׁאֵלָה איז נאָך געבליבען שטעהן: וואָס איז גלייכער, צי אַ סוכה אויף תמיד, צי אַלע יאָהר אַ נייע, צי מיין טאַטענס פְּשָׁרָה — די אַלטע פֿ ע ר ר י כ ט ע ן ?!....

יהודה שטיינבערג.



אין גרויסע פערזאמלונגען פון טויזענדער מענשען. עס זענען געווען נאנצע וואכען, ווען ער האט געהאלטען טאג פאר טאג צו עטליכע רעדען אין פאלקספערזאמלונגען. זיין לעצטע רעדע איז געווען אין בופאלא, וואו ער האט געפונען אזא אומגעריכטען טויט. אין זיין רעדע איז שוין געווען צו בעמערקען א אבשוואכונג פון זיין פריהערדיגע פאליטיק, דען ער, דער פיינד פון דעם פרייהאנדעל, ער, וואס האט געוואלט אבשליסען אמעריקא פון אייראפא, האט שוין איצט גערעדט איבער די נייטהינקייט פון האנדעלסקאנטראקטען מיט אייראפא און האט ארויסגעזאגט די ווערטער, אז "די צייט פון אבגעשלאסענקייט איז שוין פארביי".

א פרעזידענט אין אמעריקא ווערט אויסגעקליבען אויף 4 יאהר. מאק־קינלייס טערמין לאזט זיך אויס דעם 4־טען מערץ 1905. לויט די אמעריקאנישע געזעצען פערנעמט זיין שטעלע ביז צום סוף פון דעם טערמין זיין געוועזענער וויצע־פרעזידענט.

דער נייער פרעזידענט העדר רוזוועלט איז ערשט 43 יאהר אלט. ווי דאס רוב פאליטיקער איז ער אויך איין אדוואקאט. רוזוועלט געהערט אויך צו דערזעלבער רעפובליקאנישער פארטיי ווי דער פערשטארבענער מאק־קינליי. רוזוועלט אבער געהט נאך שארפער און ווייטער פאר איהם. רוזוועלט צייכענט זיך אויס מיט זיין עהרליכקייט און ענטשלאסענקייט. אין דער מלחמה מיט שפאניען האט רוזוועלט זיך קונה־שם געווען מיט זיין קראפט און מיט זיין פעסטען ווילען. רוזוועלט האט געדינט אין פלאט און ער אגיטירט פון לאנג פאר די פערשטארקערונג פון דעם אמעריקאנישען פלאט און חיל. רוזוועלט איז אויך געווען גובערנאטאר פון ניו־יארק. רוזוועלט איז א בעסערער רעדנער פון מאק־קינליין. ער איז אויך בעקאנט אלס שריפטשטעלער.

די פערענדערונג אין דער פרעזידענטשאפט וועט קיין פערענדערונג אין דער פאליטיק דערווייל ניט ארויסרופען. דאס איינציגע, וואס מען ווארט שוין גלייך פון דעם נייעם פרעזידענט, דאס איז די אויסראטונג פון דער אנארכיסטישער פארטיי. עס ווערט איצט פארגעשלאגען צונויפרופען א קאנגרעס פון אלע מלוכות, כדי אויסצוארבייטען צוזאמען מיטלען געגען די אנארכיסטען.

דער רוסישער קייזער האט גג מאכט אויף זיין רייזע קיין פראנקרייך א וויזיט דעם דייטשען קייזער. לכבוד דעם גאסט זענען געווען ביי דאנציג גרויסע מאנעווערס פון דעם דייטשען פלאט. ביידע קייסארים האבען פערבראכט צוזאמען אויפ'ן ים דריי טעג. צוזאמען מיט זיי איז געווען דער רוסישער מיניסטער לאמסדארף און דער דייטשער קאנצלער ביולאוו. די מלכים און די מיניסטארען האבען געהאט אפטע אונטערהאנדלונגען. נאכדעם ווי דער דייטשער קייזער האט ארויסבעגלייט זיין גאסט, איז ער געקומען קיין דאנציג. אין דער רעדע, וועלכע דער קייזער ווילהעלם האט געהאלטען אין דאנציג, רעדט ער פון דער גרויסער בעדייטונג פון זיין בעגעגעניש מיט זיין פריינד דעם רוסישען קייזער. די אייראפעאישע צייטונגען זעהען אלע אין דעם וויזיט און אין דער פריינדשאפט פון די ביידע מלכים א סמן פאר די ערשטארקונג פון דעם אייראפעאישען פרידען.

די פערטרעטער פון טראנסוואל און אראניען האבען זיך געווענדט צו דער האגער פרידענסקאמיסיאן מיט דער בקשה, צו מאכען א פשרה צווישען די אפריקאנישע רעפובליקען און ענגלאנד. זיי ווארפען אראב פון זיך יעדע שולד אין דער אויסגעבראכענער מלחמה און פערלאנגען דאס גערעכטע און קרעפטיגע ווארט פון דעם בית־דין.

י. ל.

---

# די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — צום קאנגרעס. דער אקציאנסקאמיטעט איז מודיע, אז דער לעצטער טאג אריינצוטראגען דעם שקל איז דער 17 אקטאבער 1901. אין דעם טאג דארפען ווערען אבגעשלאסען אלע שקל־ליסטען און ווערען אריינגעשיקט דעם קאנגרעסבירא ביז שפעטעסטענס דעם 31־טען אקטאבער. ביז שפעטעסטענס דעם 10־טען נאוועמבער דארפען ווערען בעשטימט די וויבארעס פון דעלעגאטען אין געענדיגט ווערען ביז דעם 26 נאוועמבער. די נעמען און די אדרעסען פון די אויסגעקליבענע דעלעגאטען, ווי אויך די פראטאקאלען דארפען ווערען צוגעשטעלט דעם קאנגרעסבירא ביז דעם 10 דעצעמבער 1901.

— דר. גאטטהייל אויס ניו־יורק האט געוויילט די טעג אין וויען. מען זאגט, אז ער איז געקומען אהין בעטען דר. הערצל'ן, אז ער זאל מאכען איין אגיטאציאנסרייזע איבער אמעריקא. דר. הערצל האט נאך לעת־עתה נישט געגעבען זיין צושטימונג צו דער רייזע.

— יודען אין מיליטערדיענסט. לויט דעם חשבון, וועלכען די עסטרייכישע רעגיערונג האט ארויסגעגעבען, דיענען איצט אין עסטרייכישען חיל 7517 יודען אדער 33 יודען צווישען יעדען 1000 סאלדאטען. ווייל פיעל יודען און בעזונדערס יונגע לייט, וועלכע דארפען שטעהען צום פריזיוו, פאהרען אוועק קיין אויסלאנד, דערום ווערט קלענער די צאהל פון יודישע סאלדאטען אין עסטרייכישען חיל און פון 1890 ביז היינט איז געפאלען די צאהל פון 48 אויף 33 צווישען יעדען טויזענד. די יודען זענען $^1/_{25}$ פון דער גאנצער בעפעלקערונג אין עסטרייך, בעת די יודישע עמיגראנטען זענען $^1/_{6}$ פון אלע עסטרייכישע עמיגראנטען.

— אויס פאגאראס שרייבט מען דעם "יוד' פאלקסבל" אז א דארטיגער פאטאגראף ב. י., וועלכער האט געהאט א יודיש פנים, איז געקומען קיין צערנעסט, כדי צו מאכען דארט אויפנאהמען, ווי דער פאטאגראף איז אנגעקומען אין דער געגענד מיט זיין קאסטען, איז באלד ארויס א קלאנג, אז דער דאזיגער "יוד" חאפט קריסטליכע קינדער און שחט זיי. אייניגע פויערים זענען איהם בעפאלען און געשלאגען אזוי שטארק, אז עס איז געבליבען צייכענס אויף זיין לייב. קומענדיג צוריק קיין פאגאראס איז דער פאטאגראף אוועק צו א יודישען דאקטאר ל. און איהם געבעטען, ער זאל איהם אונטערזוכען און געבען א צייגניס וועגען דעם צושטאנד פון זיין געזונדהייט. אז דער דאקטאר האט פערלאנגט פאר דאס צייגניס די בעשטימטע טאקסע פון 4 קראנען, האט דער פאטאגראף געזאגט: "דאס איז צו פיעל, בפרט נאך אז איך בין איין קרבן פאר אייערע גלויבענסגענאסען". "א, ניין" — האט איהם געענטפערט דער דאקטאר — "איהר זענט איין קרבן פון דער דומהייט פון אייערע גלויבענסגענאסען".

*

**רוסלאנד.** — דער סענאט האט ערקלערט, אז יודישע פרויען רוסישע אונטערטהאנען, וועלכע האבען חתונה געהאט פאר אויסלענדער, האבען דאס רעכט נאכ'ן טוידט פון זייערע מענער צו ווערען צוריק רוסישע אונטערטהאנער, חאטש זיי זענען געווען א צייט לאנג אין אויסלאנד.

— ה' דר. ברוק אין האמעל איז אויסגעקליבען געווארען פאר וויטעבסקער ראבינער און בעשטעטיגט געווארען אויף זיין שטעלע פון גובערנאטאר. פאר דעם דר. ברוקס אוועקפאהרען פון האמעל, האבען די ציוניסטען צונויפגערופען א אסיפה, צו נעהמען אבשייד פון דעם טיכטיגען ארבייטער. ה' א. גינצבורג, וועלכער איז אויך געווען אויף דער פערזאמלונג, האט געריהמט די ארבייטען פון דר. ברוק צו הויבען די עקאנאמישע לאגע פון דעם יודישען פאלק.

— די "אדעס' נאוואסטי" דערצעהלען איין אינטערעסאנטען משפט, וועלכער איז פארגעקומען אין אדעסער מיראוואואי סוד. פרייליין הארענשטיין, א לעהרערין פון איין אדעסער שולע, האט אנגעגעבען אין סוד אויף א קאפיטאנשען פאר געוואלדטהאטען און גראבע זידלערייען. די מעשה איז אזוי געווען: פרייליין הארענשטיין האט אנהויב זומער געדונגען א צימער אויף דער דאטשע פון דער קאפיטאנשע. די בעל־הבית'טע האט זי אנגענומען פאר א קריסטין. געוואהר ווערענדיג שפעטער, אז הארענשטיין איז א יודישע, האט זי איהר געזאגט: "איך האב געמיינט, אז איהר זענט א קריסטין און וויסענדיג איצט אז איהר זענט א "זשידאווקא", קען איך אייך מעהר נישט האלטען ביי זיך אויף דער דאטשע. פרייליין הארענשטיין האט איהר אבער נישט געהערט און ווייטער געבליעבען זיצען אויף דער זומערוואהנונג. דאן האט די קאפיטאנשע אנגעווענדט אלע מיטעל, כדי פטור צו ווערען פון דער "זשידאווקא". ווי עס איז נור געווארען אווענד, האט זי אבגעלאזט איהר הונד פון דער קייט און אז דאס האט אויך נישט געווירקט האט זי יעדען פריהמארגען 5—6 א זייגער געקלאפט מיט א האמער אויף איהר טהיר און זי געזידעלט מיט די גראבסטע ווערטער. זי האט דאס פרייליין אויך געשראקען, אז אויב זי וועט נישט ארויס, וועט זי איהר הרג'נען. סוף כל סוף האט זיך הארענשטיין געמוזט ארויסציעהען פון דער דאטשע. די עדות האבען בעשטעטיגט די שולד פון דער קאפיטאנשע, און זי איז אבגעמשפט געווארען אויף 2 וואכען ארעסט.

— די ווילנער האַנדעלסשולע. די קאָמיסיאָן צו גרינדען א האַנדעלסשולע אין ווילנא האָט ווידער צונויפגערופען איין אספה כללית פון די סוחרים, כדי אויסצוקלויבען די מיטגליעדער פון קאָמיטעט. נאָכדעם ווי ה׳ ליפּיעץ, צוריקקומענדיג פון פעטערבורג, האָט מודיע געוועזן אז כל זמן די שולע איז נישט געעפענט, וועט קיין שום שתדלנות איבער די ענדערונגען אין די תקנות נישט העלפען, האָט די קאָמיסיאָן בעשלאָסען תיכף אויסצוקלויבען די משגיחים. די מתנגדים, וועלכע האָבען פערלאַנגט אז די שולע זאָל פריהער נישט געעפענט ווערען ביז די תקנות וועלען ווערען געענדערט, האָבען נאָכגעלאָזען, נאָכדעם ווי מען האָט געזעהען, אז אין די גימנאַזיעס נעהמט מען היינטיגס יאָהר גאָר נישט אריין קיין יודען און אז די גאַנצע האָפנונג פון די יודען איז געבליעבען אויף די האַנדעלסשולע אליין.

גענעראַל שארסקי האָט געעפענט די פערזאַמלונג און מודיע געוועזן וועגען בעשלוס פון דער קאָמיסיאָן אויסצוקלויבען תיכף די מיטגליעדער פון קאָמיטעט, און דאַביי אויסגעדריקט זיין מיטגעפיהל מיט די יודישע קינדער, וועלכע בלייבען אָהן בילדונג. כלאחר יד האָט ער אויך אַריינגעוואָרפען, אַז אויף דער פערזאַמלונג קענען נישט ווערען געמאַכט קיין שום אַנפראַגען אָדער הצעות.

דאָ איז פאָרגעקומען די שאלה: וויפיעל יודען קענען ווערען אויסגעקליבען אלס מיטגליעדער פון קאָמיטעט. ה׳ שארסקי האָט ענטשידען די פראַגע אַזוי: אַז וויל יודען ווערען אויפגענומען אין שולע 50% דארף פון יודען אויסגעקליבען ווערען מיטגליעדער אויך 50%. קאַנדידאַטען זענען געווען בערך 30 פערזאָן און וויל מען האָט נישט געקענט אַלע מיט אמאָל אָבשטימען, האָט מען זיי געשטימט צו צעהן־ווייז. באַלד אין אָנהויב האָט זיך אַרויסגעוויעזען, אז די פערזאַמלונג וויל נישט מאַכען די „גבירים״ און די „גרויסע לייט״ פאַר זייערע פאָרשטעהער, נאָר די געבילדעטע. דורך דעם זענען די גבירים טאַקע באַלד אָבגעטרעטען אין אַ זייט און זיך אָבגעזאָגט פון זייער קאַנדידאַטור. עס זענען אויסגעקליבען געוואָרען: וו. באַסטוראַוו, א. גאַרדאַן, ל. זאַבלאַצקי, י. סירקין, א. ליפּיעץ, י. פּוזירעווסקי און ב. י. סגל. אַלס פּרעזעס איז אויסגעקליבען געוואָרען גענעראַל שאַרסקי.

— אין לאָדז געפונען זיך 5601 הייזער. פון זיי געהערען 631 צו פּראַוואָסלאַוונע, 501 צו קאַטוילוקען, 2151 צו דייטשען, 2586 צו יודען.

— אייניגע אינטעליגענטע יודען אין יעליסאַוועטגראַד האָבען בעקומען איין ערלויבניש פון מיניסטעריום, צו האַלטען פּאָרלעזונגען פאַר יודען. מען האָט גערעכענט אַז די פּאָרלעזונגען זאָלען ווערען געהאַלטען 2 מאָל אין וואָך אין דער יודישער ביליגער קיך לויט ביכער, וועלכע זענען בעשטעטיגט פון מינימטעריום פון פאָלקסבילדונג און איינגעפיהרט אין די שילער־ביבליאָטהעקען פון די אנפאַנגס־שולען און אַז דער איינטריט זאָל זיין אומזיסט פאַר אַלע אויסער אויף די ערשטע 2 ציילען. אַלס לעקטאָרען האָבען געזאָלט זיין דער ראַבינער ה׳ טיאַמקין, אייניגע דאָקטוירים און לעהרער אין יעליסאַוועטגראַד. מען האָט שוין אָנגעהויבען צו מאַכען אַלע נייטהיגע הכנות צו די פּאָרלעזונגען, וועלכע וואָלטען זעהר ניצליך געווען פאַר דעם יודישען המון. נאָר פלוצלינג האָט מען בעקומען א ידיעה פון דעם אינספּעקטאָר פון די פאָלקסשולען, אַז ער קען נישט צולאָזען די אייגריכטונג פון די פּאָרלעזונגען, ווייל אין דעם בעשלוס פון מיניסטעריום וועגען פאָרלעזונגען זענען נישט דערמאָהנט קיין פאָרלעזונגען ספּעציעל פאַר יודען און געהאַלטען פון לעקטאָרען—יודען.

אַלזאָ קומט אויס, בעמערקט דער „וואָסחאָד״, אַז אַלעס וואָס אין געזעץ איז נישט דערמאָהנט בפירוש, איז פאַר יודען פערבאָטען!

— די אָדעסער אָבטהיילונג פון דער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען האָט אַרויסגעגעבען א דין וחשבון וועגען דער ארבייט פון איהר שולקאָמיסיאָן. די גאַנצע צייט, זייט די אַבטהיילונג עקזיסטירט, האָט זי געשטיצט 1400 שילער און אויף דעם אויסגעגעבען 7675 רוב׳. איצט בעקומען שטיצע פון דער אָדעסער אַבטהיילונג בערך 200 שילער.

*

**דייטשלאַנד.** — די מיסיאָנערען און דער ציוניזם. איינער פון די מיסיאָנערען אין דייטשלאַנד האָט נישט לאַנג געהאַלטען אַ רעדע אין קעלן, אין וועלכער ער האָט זיך בעקלאָגט אויפ׳ן ציוניזם, אז ער שאָדט דער מיסיאָנסאַרבייט צווישען די יודען. באמת זעהר אַ שלעכטע מיינונג וועגען ציוניזם!

*

**ארץ ישראל.** — וואַסערלייטונג אין ירושלים. אין ירושלים האָט מען אָנגעהויבען צו מאַכען איין וואַסערלייטונג. ביי דער קוואַל, פון וועלכער עס וועט ווערען געפיהרט דאָס וואַסער אין שטאָדט אריין, האָט מען געפייערט די התחלה פון דער ארבייט און געשחט׳ען 2 שעפּסען לויט דעם מאַחמעדאַנישען מנהג.

— פון יפו שרייבט מען: ווי עס איז ידוע, האָבען די קאָלאָניסטען אין מתולה צו וועניג ערד, און דערום האָט די אַדמיניסטראַציאָן בעשלאָסען צו בעזעצען 25 פאַמיליען אויף די ניי געקויפטע ערד נעבען טבריה. דאָס איבערגעהען אבער פון די קאָלאָניסטען אויף דעם נייען אָרט קען אַזוי געשווינד נישט געשעהען, ווייל די ערד איז נאָך נישט אָבגעטהיילט פון דער אַראַבישער ערד, און דאָס מוז לאַנג דויערען. אויסערדעם איז אין מתולה בעשטימט געוואָרען א נייער אַדמיניסטראַטאָר אבולאפיה אויף דעם אָרט פון פריהערען בריל.

אין דער קאָלאָניע סעדזשערא איז אויך אָבגערופען געוואָרען דער פריהערדיגער אַדמיניסטראַטאָר קאַלוואַריסקי און אויף זיין שטעלע איז בעשטימט געוואָרען א געוועזענער שילער פון „מקוה ישראל״ — קרויז. מען זאָגט אַז ה׳ פּאַריענטע פאָהרט אַרויס קיין פּאַריז, כדי צו געבען דין וחשבון פון זיין ביז איצטיגער ארבייט און פאָרצולעגען זיינע בעדינגונגען, אונטער וועלכע ער קען ווייטער ארבייטען. אויב די בעדינגונגען וועלען נישט ווערען אָנגענומען, וועט פּאַריענטע נישט ווייטער בלייבען אויף זיין שטעלע.

*

**אפריקא.** — דער ציוניסטישער פעריין „בר כוכבא״ אין קאַירא (מצרים) האָט געמאַכט איין אָווענד, וועלכער האָט איינגעבראַכט 105 פונט. פאַר דעם געלד וועט ווערען געגרינדעט א שולע. דער פּרעזידענט גאַליצענשטיין בעמיהט זיך צו גרינדען א פעריין אויך אין אלכסנדריען.

— די פּאַלאַשען אין אביסיניען. ווי עס איז ידוע, וואָהנען אין אַבעסיניען פיעל יודען — „פּאַללאַשען״. אין 1868 האָט זיי בעזוכט פּראָפעסאָר יוסף הלוי אין אויפטראַג פון דער חברה „כל ישראל חברים״ און געבראַכט זעהר אינטערעסאַנטע ידיעות וועגען זייער לעבען. נאָר די שפּעטערע אונרוהען און מלחמות אין אביסיניען האָבען די יודישע קהלות אָבגעריסען פון זייער אָרט און זיי צושפּרייט אויפ׳ן גאַנצען לאַנד. דערווייל ארבייטען די קאַטוילישע מיסיאָנערען אין אביסיניען און ווענדען אָן אַלע כחות צו מאַכען פון די יודען — קריסטען. ווי עס דערצעהלט א באַזועלער מיסיאָנסצייטונג טויפען זיך יעדעס יאָהר 100 אביסינישע יודען. די „יודישע פּרעססע״ ווענדט זיך דערום צו דער חברה „כל ישראל חברים״, צו דער „ענגליש־יודישער חברה״ און צו דער נייער חברה „הילפספעריין פאַר יודען״ אין דייטשלאַנד, אַז זיי זאָלען אריינטרעטען אין פערבינדונג מיט די אַביסיניער יודען.

די פּאַלאַשען ווי אויך די אביסיניער קריסטען דערצעהלען, אַז זיי שטאַמען פון די יודען, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין ארץ כוש (אביסיניען) צוזאַמען מיט מענעליק, דעם זון פון שלמה המלך און מלכה־שבא. אָבער די פאָרשונגען האָבען אַרויסגעוויזען, אַז דאָס זענען נור לעגענדען, פאָלקסמעשות. פאַר 700 יאָהר בערך האָט עקזיסטירט א מלוכה פון יודען־פּאַלאַשען, נאָר די מלוכה איז געוואָרען איינגענומען פון די קריסטען, וועלכע האָבען די יודען גערודפ׳ט און גענייט זיך צו טויפען. די געדריקטע יודען האָבען זיך מוסר־נפש געווען פאַר זייער גלויבען און זיך בעסער געלאָזט הרג׳נען איידער טויפען. איצט לעבען אין אביסיניען בערך 200,000 יודען. זיי גלויבען אין איין גאָט, נאָר זיי האָבען אויך אָנגענומען א סך נאַרישקייטען און אבערגלויבען. דעם תנ״ך האָבען זיי נישט אין לשון קודש, נאָר אין כושית. פון תורה שבעל פה ווייסען זיי גאָר נישט; זיי האָבען נישט קיין תפילין, טלית און מזוזות, און האַלטען נישט חנוכה און פורים. אין יעדער שול מוז זיך געפינען אַ מזבח, אויף וועלכען מען ברענגט קרבנות.

---

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאַנד.** — היינטיגס יאָהר אין א צייט פון 5 חדשים האָט מען פון רוסלאַנד אַרויסגעפיהרט סחורות פאַר 252 מיליאָן רובל. אַריינגעפיהרט סחורה האָט מען אין דעם יאָהר פאַר 215 מיליאָן רובל. אין דערזעלבער צייט האָט מען דורך די פאָרטען פון שטילען אקעאַן אַרויסגעפיהרט סחורות פאַר 17 מיליאָן רובל, קיין פינלאַנדיען — פאַר 16 מיליאָן רובל, אַריינגעפיהרט פון פינלאַנדיען 10 מיליאָן רובל. די אָבצאָהלונג אין טאַמאָזשנע האָט אָנגעטראָפען היינטיגס יאָהר 88 מיליאָן רובל. נאָך די לענדער קומט אויס דער אימפּאָרט און עקספּאָרט לויט דער דאָזיגער רעכנונג: קיין דייטשלאַנד האָט מען אַרויסגעפיהרט סחורות פאַר 70 מיליאָן רובל און אריינגעפיהרט פאַר 83 מיליאָן, ענגלאַנד אַרויסגעפיהרט — 44 מיליאָן און אַריינגעפיהרט — 40 מיליאָן רובל. פראַנקרייך אַרויסגעפיהרט — 24 מיליאָן און אריינגעפיהרט — 9 מיליאָן. איטאַליען אַרויסגעפיהרט — 15 מיליאָן און אריינגעפיהרט — 5 מיליאָן רובל. עסטרייך־אונגאַרען אַרויסגעפיהרט — 11 מיליאָן רובל און אַריינגעפיהרט 10 מיליאָן רובל.

— קינפטיגעס יאָהר וועט געעפענט ווערען אין אָדעס איין עלעקטראַטעכנישע שולע מיט איין בעזונדערע אבטהיילונג פאַר ארבייטער, וועלכע ריכטען איין עלעקטרישע בעלייכטונג. אין דער שולע וועלען ווערען אריינגענומען שילער אָהן אונטערשיעד פון גלויבען, וועלכע האָבען געענדיגט א שטאָדטישע שולע. דער לעהרקורס וועט דויערען 3 יאָהר.

— אַרטעלען. דאָס פינאַנצמיניסטעריום האָט אויסגעאַרבעט און פאָרגעשטעלט צום בעשטעטיגען אַ פּראָיעקט פון געזעצען וועגען גרינדונג פון אַרטעלען. לויט דעם פּראָיעקט וועט גענוג זיין, אַז 5 פערזאָנען זאָלען זיך פערייניגען און פאָרשטעלען די תקנות דעם גובערנאַטאָר אָדער גראַדאַנאַצאַלניק. אויב דער גובערנאַטאָר וועט געפינען אַז די אַרטעל דאַרף נישט ווערען ערלויבט, וועט ער עס מחויב זיין מודיע צו זיין דעם פינאַנצמיניסטער במשך פון 1 חדש.

— דער פערקויף פון האנדעלס סווידיעטעלסטוועס אין ווארשא האט איינגעבראכט ביז דעם $^{1}/_{8}$ 393,929 רובל, ד. ה. מיט 20,732 ר׳ ווענינער ווי פאראיאהרען. דאס אליין איז א גענוגענדער בעוויז פאר דעם שלעכטען צושטאנד פון די געשעפטען.

— דער פינאנצמיניסטער איז מודיע, אז די אסיגנאציעס פון 25, 10 און 5 רוב׳ לויט דער פארם פון 1887 יאהר און פון 100 רובל מיט׳ן רעגענבויגען קאליר זענען גילטיג נאר ביז דעם $^{1}/_{14}$ יאנואר 1902 און נאכהער וועלען זיי נישט האבען קיין שום ווערט.

— די לעבענס פערזיכערונגסגעזעלשאפטען האבען בעשלאסען צו בעשטימען פרויען דאקטוירים, וועלכע וועלען אונטערזוכען די פרויען. וואס ווילען פערזיכערען זייער לעבען.

*

**אמעריקא.** — דער פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאטען אין אמעריקא האט בעקומען א ביטע פון די איינוואהנער פון אינזעל מאנילא וועלכער איז נאך דעם שפאנישען קריעג איינגענומען געווארען דורך די אמעריקאנער, אז מען זאל מאכען איין עק פון די רציחות, וועלכע געשעהען דארט. אין דעם לעצטען האלבען יאהר האט מען געמשפט אויף טוידט 79 מענשען, 89 אויף אייביגע תפיסה און 75 אויף תפיסה אויף א צייט פון 10—20 יאהר. די אלע מערדערייען האט מען צו פערדאנקען דעם איצטיגען אמעריקאנישען גובערנאטאר דעם גענעראל מאק־ארטור און זיינע בעאמטע.

---

## משה רבנו.

מיר חלומט זיך אפט אונזער געטליכער פיהרער,
וואס האט אונזער פאלק פון מצרים
דורך ווייטע מדבריות געפיהרט צו א לעבען
א שטאלצען, א גליקליכען, נייעם.

וואס האט אונז געגעבען א ליכטיגע תורה
צו זיין אונזער שטאלץ און נחמה,
וואס האט די געקנעכטעטע מענשהייט בעלויכטען
געהיילינט, בעשיינט איהר נשמה . . .

איך זעה איהם אין הימעל, זיין קאפ איז אין טרויער,
אין טיעפער פערצווייפלונג געבויגען,
א שמערץ אנאונענדליכער ליגט אין די העלע,
פערקלערטע, בעגייסטערטע אויגען ;

עס ציהען זיך ווייט פון זיין שטערען, דעם הויכען,
צוויי ליכטיגע בלענדענדע שטראהלען,
עס קוועלט אן א טרעהר נאך א טרעהר אין די אויגען,
איך זעה ווי זיי פאלען און פאלען.

איך זעה ווי זיי פאלען פון הימעל, ווי שטערען,
און ווערען אין דונקעל פערשוואונדען,
עס שיינט, אז מען זעהט אין זיין בליק זיין געדאנקען,
מען זעהט פון זיין הארצען די וואונדען.

צי איז דאס מיין פאלק, וואס פאר איהם אהן אנאויפהער
האב איך ווי א פאטער געליטען,
וואס האט ער געמאכט אין דער פרעמד פון מיין תורה,
ווער האט עס אין גלות פערביטען ? . . .

ל. יפה.

---

## גאסען־בילדער.

פון דוד פינסקי.

---

1.

### אויסגעצייכענטע בארנעס.

חנה־דאבע איז געגאנגען אין מיטען גאס מיט צוויי קאשיקעס, איבערגעפילטע מיט בארנעס, אויף ביידע הענד. זי איז געגאנגען איינגעבויגען מעהר אויף דער לינקער זייט — דער קאשיק פון דער רעכטער האנד איז געוועזען גרעסער און שווערער.

א זיסער שמייכעל איז צוגאסען געוועזען איבער איהר פנים. זי איז געגאנגען מיט גרויסע פרעהליכע טריט מיט׳ן קאפ צו דער ערד, פערטיעפט אין זיסע געדאנקען.

זי איז געוועזען צופרידען מיט גאט, מיט זיך אליין, מיט דער גאנצער וועלט. און די זון לייכט טאקע אזוי העל און אזוי שען, ווייל איהר, חנה־דאבע׳ן, איז יעטצט מאדנע פרעהליך אויפ׳ן הארצען.

ניין, עס האט איהר גערדיקט צום לאכען; צייטענווייס האט זי זיך אומגעקוקט ; זי וואלט וועלען דערזעהן א בעקאנטע און דורכרעדען זיך, אויסדערצעהלען דאס גרויסע גליק, וואס איהר האט געטראפען.

א גליק, נאר נישט קיין מענשענגליק. עפעס ווי דאס הארץ האט איהר געזאגט, זי זאל היינט געהן צו סווידערסקי דעם גערטנער.

עס דוכט זיך איהר, אז עפעס האט זיך איהר געחלומט וועגען דעם. עפעס האט זיך איהר די גאנצע נאכט ארומגעדרעהט אין קאפ... ניין, ביילע די קרעמערן האט זיך איהר געחלומט, ווי יענע האט איהר צוגעשטעלט איין איבריג פונט זאלץ און זיי האבען זיך צוקריגט.

״טפוי מיינע שונאים !״ ביילע ליגט שוין פון צוויי חדשים אין קבר. זי האט געקאנט די מלאכה, ״זאל זי מיר מוחל זיין״.

אבער טאקע מאדנע, ווי זי האט אויפגעעפנעט די אויגען, איז איהר גלייך ארויפגעקומען אויפ׳ן זין, מען דארף פרובען א געה טהון צו סווידערסקין.

און נעכטען איז זי ארומגעגאנגען דעם גאנצען טאג און געקלערט :

״געוואלט, גאטעניו, שטארקינקער פאטער, רבונו של עולם, מאך איך זאל עפעס פערדיענען, מאך...״

זי האט איהם נאך גענומען אויסרעכענען, אויף וואס זי דארף און ווי נייטהיג זי דארף. און ער האט טאקע געזעהען, אז זי האט רעכט.

אה, אז ער וויל, קאן ער.

זי האט זיך ארומגעקוקט. אט דאס טאקע אליץ דארף מען דערצעהלען די אנדערע הענדלערקעס. און זאל מען זעהן, וואס פאר א גאט מיר האבען און וואס פאר א זכות זי האט.

אן, נעבען טראטואר, שטעהט ריבה־יענטע. זי איז אפילו א גרויסער בעל מקנא, פערגונט נישט, אז דער אנדערער פערדינט א גראשען, מיט איהר דארף מען קיין שטארקע מחזקות נישט מאכען. נאר חנה־דאבע קען זיך נישט איינהאלטען. זי מוז איהר האטש די סחורה בעווייזען, און קיין מעשות וועט זי איהר נישט דערצעהלען. זי האט אנגעהויבען צו שפאנען צו ריבה־יענטען.

יענע האט שוין פון חנה־דאבע׳ס געזיכט פערשטאנען, אז ביי איהר מוז ״עפעס״ זיין.

— וואס טראגסטו גוטס, חנה־דאבע ? האט זי געפרעגט און אויפמערקזאם איינגעקוקט זיך אין חנה־דאבע׳ן.

חנה־דאבע איז צוגעגאנגען, אבגעשטעלט זיך און אויסגעגלייכט דעם רוקען. ביידע קאשיקעס האט זי געהאלטען אויף די הענד, נישט אראבגעלאזען זיי אויף דער ערד. דאס האט זי געטהון מיט א כוון. שטאלץ האט זי אויסגעזעהען, און פערגניגט. זי האט נור געשמייכעלט. דארף זי דען עפעס ענטפערן ?

ריבה־יענטע האט גענומען בעטאפען די בארנעס. חנה־דאבע האט איבערנעטראגען איהר בליק פון ריבה־יענטען אויף די בארנעס און פון

די בארנעם אויף ריבה־יענטען. און — געפּיהלט זיך פאַר די גליקליכסטע אין דער וועלט.

— פיינע בארנעם ! וואו געקויפט ?

— פיינע בארנעם ! האט חנה־דאָבע איבערגעחזרט מיט גאוה און עטוואס פערדראסיג : נור אזא „בעל מקנא" ווי „ריבה־יענטוך" קאָן זיך אזוי אויסדריקען ! פשוט צוקער ! האט זי פערבעסערט מיט התפעלות— צוגעהן אין מויל...

— וואו געקויפט ?

מען האט שוין טאקע געהערט אין ריבה־יענטעס קול א ביסיל קנאה. און חנה־דאבע האט לאנג געוואוסט, אז מיט ריבה־יענטען דארף זי זיך נישט אריינלאָזען אין שמועס, און קורץ אבגעשניטען :

— וואו געקופט ? געקויפט !

ריבה־יענטע איז שוין געוועזען ברוגז. זי וואָלט מיט פערגניגען אבגעזאָגט א שטעכוואָרט, נאר זי האט זיך איינגעהאלטען און רוהיג געפרעגט :

— האסטו געצאָהלט... און זי האט אליין געזאָגט מיט פרייד.

— הא, הא, הא, או־הום !

— אפשר עפעס טהייער ?

— הא, הא ! א העלפט דערפון, זאָל איך אזוי לעבען מיט דיר, א העלפט דערפון !

— אח נו, פטור נו !

— איך זאָג דאך דיר, זאָל איך אזוי לעבען מיט דיר... זאָל איך אזוי האָבען...

— א מציאה פשוט פון א גנב, האט ריבה־יענטע געמורמעלט דורך די צייהן.

— טאַקי א מציאה !

חנה־דאבעס פנים האט געלויכטען פון גליק און שטאלץ. זי האט שוין געמאכט א בעוועגונג אוועקצוגעהן, אבער עס איז זיך איהר נאָך נישט געגאנגען. עס איז איהר געפעלען געוועזען ריבה־יענטעס איבער־ראשונג און עס האט זי געצויגען פאר דער צונג צו דערצעהלען, ווי זי האט זיך נעכטען דורכגערעדט מיט דעם טהייערן „גאט", ווי עס האט זיך איהר געחלומטביילע די קרעמערן... זי איז געבליבען שטעהן און געקוקט אויף ריבה־יענטען מיט איהר גלייכען שמייכעל אויף די ליפען.

— וואו פארט געקויפט ? האט ריבה־יענטע געפרעגט, קוקענדיג מיט קנאה אויף חנה־דאָבעס „שמעלצענד" געזיכט.

— וואו געקויפט ! נישט געגנב'עט. בעצאָהלט גוט געלד, אזא שטיק גאלד זאָל איך האבען.

יא, יעטצט קאן זי שוין אוועקגעהן. אין ריבה־יענטעס אויגען האט אויפגעבליצט א בייז פייער'ל און אויף די ליפען האט זיך בעוויזען א שטעכענדיג שפאט־שמייכעל. נאר אָן נעהען דבורה־רייזע מיט באשע־טעמען,ביידע מיט קאשיקעס אויף די הענד. און חנה־דאבע איז געבליעבען שטעהן. זי האט מעהר נישט אויסגעדרעהט זיך מיט איהר „שמעלצענדיגען" פנים צו די נעהענדיגע הענדלערקעס און געמאכט זיך, ווי זי האט גאָר פערגעסען, אז ריבה־יענטע איז פאראן אויף דער וועלט. נור ערגיטץ וועיט אין זיך האט זי געחזרט, אז ריבה־יענטע איז א רְשעת, א נישט פערגינערקע, א גרויסע „בעל מקנא".

— גוטען טאָג !

— גוטען טאָג, גוט יאָהר !

— וואָס זאָגט איהר אויף איהרע בארנעם ? האָט ריבה־יענטע גלייך געפרעגט, אָנווייזענדיג מיט'ן קאפ אויף חנה־דאבע'ן.

קנאה האָט זיך געהערט אין קול און חנה־דאָבע האט עס שטאַרק געפּיהלט. נאר זי האט זיך געמאכט, ווי זי הערט נישט און געקוקט מיט'ן גליקליכען שמייכעל אויף די ווייבער, וועלכע האָבען בעטראַכט און בע־טאַפּט און בעוואונדערט איהרע באָרנעם.

— שענע בארנעם ! ווי טייער געצאָהלט ?

ריבה־ייענטע האט געענטפערט מיט דעמזעלביגען קנאה־טאָן און חנה־דאָבה האט נאָך שטאַרקער געשמייכעלט. ביידע ווייבער האָבען אויסגעשטעלט די אויגען פון פערוואונדערונג.

— אַט א מציאה ! וואו געקויפט ? זעקס פאָר אויגען האָבען אויף איהר געקוקט. ריבה־יענטעס אויגען האָבען „געשטאכען", חנה־דאָבע האָט איהר בליק נישט געזעהן און דאך געפיהלט איהם. אבער יעצט האָט זי געוואוסט, אז דבורה־רייזען מיט באשע־טעמען וואלט זי אויך נישט דערצעהלט, ווייל... זי ווייס אליין נישט, פאַר וואָס. עס דאַכט זיך איהר מעהר נישט, אז זי טאָר נישט דערצעהלען.

און עס ווילט זיך איהר דערצעהלען, א גרויל ! מיט וואָס פאַר א פערגעניגען וואָלט זי זיך צורעדט וועגען דעם, ווי סווידערסקי איז איהר אָרויף אויפ'ן מוח, באלד ווי זי האָט אויפגעעפענט די אויגען, ווי גוט סווידערסקי האָט זיך מיט איהר בעגאנגען, ווי ער האָט געזאָגט, אז דאָס איז נור איהר צו ליעב, ביי איין אַנדערער וואָלט ער גענומען טייערער... זי וואָלט טאַקי אָנגעזאָגט א פאָר ליגען און געשוואָרען אוי זיי מיט צעהנדליגע שבועות.

דבורה־רייזע און באָשע־טעמע, נישט דערוואַרטענדיג זיך אויף איהר ענטפער האָבען אַריבערגעטראָגען זייער בליק אויף ריבה־יענטע : אפשר וועט זי ענטפערן אויף די פראַגע.

— דאָס איז ביי איהר א סוֹד, האָט ריבה־יענטע געזאָגט און גע־קרימט מיט'ן מויל.

— א סוד ? עס איז גאָר קיין סוד ניט, האָט חנה דאָבע געזאָגט מיט איהר שמייכעל, — וואָס איז דאָ פאַר א סוד ? וואָס זאָל איך מורא האָבען ? עס איז גאָר קיין סוד ניט !

וואו געקויפט ? געקויפט ! ניט געגנב'עט.

זי איז געוועזען צופריעדען מיט דעם ענטפער און געפיהלט, אז דאָס איז גאָר קיין ענטפער ניט און עס איז גלייכער „אָבטראָגען זיך". נאָר דבורה־רייזע'ס ווערטער האָבען זי אויפגעהאַלטען.

— זעה, ווי זי וויל ניט זאָגען, האָט דבורה־רייזע געזאָגט מיט פעראַכטונג. — האָב קיין מורא ניט, מען וועט ביי דיר ניט אויסהאַפּען !

— וואָס זאָל איך מורא האָבען ? איך האָב גאָר קיין מורא נישט ! די וועלט איז דען קליין ? האָט חנה־דאָבע געענטפערט און געמאַכט שוי'ן א פאַר מאָל די בעוועגונג אויף אַוועקצוגעהן.

— א גוטע, א גוטע ! אזא יענע וועלט... האָט זיך ריבה־יענטע געשטאכען. זי וואלט מיט פערגניגען א שטופ געטהון חנה־דאבע'ן, אדער אונטערשטעלען איהר א פוס און אויסשיטען איהר די באָרנעם.

— האָב דו די יענע וועלט ! האָט חנה־דאָבע אָבגעשאלטען צוריק — וואָס שילטסט דיך נאָך ? איך האָב עפּעס דיינע פערנומען ?

— מעהר וואָלט דיר נישט געפעהלט ! האָב ריבה־יענטע געזאָגט מיט נצחון. — וואָס, וואָס, אקענען דיר וואָלט איך שוין געקאָנט ביי־שטעהן ! איך וואָלט דיר, דאַכט זיך, די אויגען אָרויסגענומען.

און ריבה־יענטע קומט אַלץ מעהר צום בעשלוס אַז אויב חנה־דאָבע וועט נאָך שטעהן, וועט זי זי אַ שטוים טהון פֿון זיך, אַז זי וועט קלייבען די ציינער.

עס איז געוואָרען אַ קריג, חנה־דאָבע'ן האָט זיך יעטצט געדאַכט, אַז זי האָט זעהר גוט געטהון, וואָס זי האָט די אָרוּרוֹת קיין מעשות נישט דערצעהלט און גענומען אין זיי נְקָמָה, וואָס זיי ווייסען טאָקי נישט וואו זי האָט געקויפֿט. זי האָט שוין עטליכע מאָל אויסגעשפּיט און גע־מאַכט אַ פּאָר טריט אויף אוועקצוגעהן, און יעדעס מאָל ווייטער אומ־געקעהרט זיך אבצוענטפֿערן אויף אַ קללה אדער אַבלאָזען אַ שטוכ־וואָרט. לעדיג־געהער האָבען זיך אַבגעשטעלט; עס איז געוואָרען אַ קליין רעדיל. און ריבה־יענטע האָט שוין אויפֿגעהויבען די הענד אַ שטוים צו טהון חנה־דאָבע'ן. נאָר פּלוצלינג האָט איינער פֿון רעדיל אַ ברום גע־טהון, אַז עס געהט אַ גאָראַדאָוואָי. די ווייבער זענען גלייך געקומען צו זיך און געלאָזען זיך אַנטלויפֿען.

— אַ, זשידאָווקי! האָט דער פּאָליציימאַן אויסגעשריגען, דער־זעהענדיג די אַנטלויפֿענדיגע יודענעס. און עס האָט זיך איהם פֿערגלוסט אָבצוטהון אַ העלדענטהאַט, חאַפּען אַ "זשידאָווקע", און צושטעלען זי אין צירקעל. ער האָט גלייך בעמערקט, אַז חנה־דאָבע מיט איהרע אָנגעלאָדענע קאָשיקעס לויפֿט שווערער פֿאַר די אַנדערע, און געלאָזען זיך נאָך איהר.

— אַי, מאַמינקע, מאַמינקע! האָט זי גערעדט מיט שרעק, פֿיה־לענדיג הינטער זיך דעם פּאָליציימאַן — אַי גאָטעניי, גאָטעניו ראַטעווע...

עס איז אַראָבגעפֿאַלען אַ באַר, און נאָך איינע, און נאָך איינע, און "אַ סך" מיט אַ מאָל.

"גאָט אין הימעל! רבונו של עולם!" עס ברעכען זיך איהר אונ־טער די פֿיס. זי וואָלט חאָטש וועלען אַ קוק טהון מיט איין אויג, וואו־הין זיי האָבען זיך פֿערקייקעלט, וואו זיי ליגען, וואָס טהוט זיך מיט זיי. נאָר פֿון אַלע זייטען רופֿט מען איהר צו, זי זאָל גיכער לויפֿען.

— גיכער, גיכער, גיכער...

עס פֿערהאַפּט ביי די אָרעמיגע יודען דער אָטהעם. זיי ווילען נישט, אַז דער פּאָליציימאַן זאָל זי חאַפּען, ווילען נישט. זיי ווייסען, אַז עס וואָלט גוט געוועזען אָבשטעלען דעם פּאָליציימאַן, אויפֿהאַלטען איהם ווי עס איז, און קוקען צו מיט אַ פֿערהאַפּטען אָטהעם, צי וועט ער זי דעריאָגען צי נישט, און שרייען:

— גיכער, גיכער, גיכער...

זי איז פֿערלאָפֿען אין אַ הויף, אַריינגעהאַפּט זיך אין אַ געשעפֿט און איז "נֶעֱלָם" געוואָרען. אַז דער פּאָליציימאַן איז צום צום טויער, האָט ער זי שוין מעהר ניט געזעהן. ער האָט זיך אבגעשטעלט, אַראָב־גענומען דאָס היטעל און אָבגעווישט זיך דעם שוויים און געקוקט אויף די יודען מיט זעהר בייזע בליקען. די יודען האָבען געקוואָלען, נאָר נישט געקוקט אויף איהם. זיי פֿערשטעהען אַ געשעפֿט: מען דאַרף איהם יעצט ניט רייצען. נאָר ער זעהט זייער שטעכענדיגען שמייכעל, ער פֿיהלט זייער נקמה, און ער זידעלט אַלע יודען בכלל, און טרייבט פֿונאַנדער די אָרעמיגע מיט קְלָלוֹת און קלעפּ און בעשליסט בלייבען שטעהן נע־בען טויער און וואַרטען. אַ פּאָר יודען זענען אַריין אין הויף, מְתָרֶה צו זיין חנה־דאָבען.

און חנה־דאָבע איז געזעסען אין איהר פֿערבאָרגענעם אָרט, קוים אָטהעמענדיג און געוויינט — געוויינט אויף די פֿערלאָרענע באַרנעס. עס איז איהר גאַנצע פַּרְנָסָה! אָבי זי האָט שוין געמיינט און געפֿרעגט זיך... אפשר האָט עס זי נאָט געשטראָפֿט דעפֿאַר, וואָס זי האָט ניט געוואָלט דערצעהלען די הענדלערקעס? און... זי שילט זיי מיט טוידט — ביטערע קללות, די ניט פֿאַרגינערקעס, אַז ווען ניט זיי, וואָלט זי צו קיין צָרָה ניט געקומען.

פֿון די באַרנעס אין גאַס איז געוואָרען אַ "תֵּל עולם". אַ סך זענען צוטראָטען געוואָרען פֿון די פֿוהרען און דראשקען און די איבריגע האָבען אויפֿגעהויבען איינינע טרענער. זיי האָבען אויפֿגעהויבען, מיט אַ פֿערלע־גענהייט־שמייכעל אַרומקוקענדיג זיך אַרום זיך, ווי זיי וואָלטען זיך געשעמט פֿאַר דעם געדאַנק, וועלכער האָט זיי געהייסען איינבויגען זיך און אויפֿהויבען די באַרנעס. אַ רגע האָבען זיי בעטאַפּט די פּירוֹת מיט זייער פֿערלעגענהייטס־שמייכעל און געטראַכט דערביי, אַז מען דאַרף צושטעלען דער הענדלערקע איהר סחורה, איהר אייגענס. נאָר גלייך זענען שוין איינעס'ס ציינער געשטאַנען אין אַ באַרנע, און די אַנדערע האָבען איהם נאָכגעמאַכט.

— אויסגעצייכענטע באַרנעס, ווי?

און איינער האָט אויפֿגעהויבען אַ פּאָר באַרנעס, בעטראַכט זיי און אַריינגעלעגט אין קעשענע — פֿאַר די קינדער. און גלייך איז ער אַריין אין הויף, אויפֿגעפּעפֿענט די טהיר פֿון דער קראָם, וואו חנה־דאָבע איז געזעסען, אַריינגערוקט דעם קאָפּ און פֿריינדליך אַרויסגערעדט:

— זיטצט נאָך, יודענע, ער איז נאָך ביים טויער.

---

## דריי חוּפּוֹת.

### צוויי רויטע און איין שוואַרצע.

פֿון י. ל. פּרץ.

### עלפֿטעס קאַפּיטעל.

שופר בלאָזען, אחשורוש'עס סעודה, הוש! הויש! געה וועקקען!

אין דער לופֿט האָט זיך געפֿיהלט אַ הויך פֿון פֿריהלינג, נאָר דער גלויבשטיינער וואַלד איז נאָך אין גאַנצען מיט שניי בעדעקט. די בוימער זעהען אויס ווי אומגעקעהרטע טראַלבען מיט ווייסע בלומ־ליך, און אויפֿ'ן שנייענעם דיוואַן, מיט וועלכען דער וואַלד איז אויס־געבעט, בליצען אַנטקעגען דער אויפֿגעהענדיגער זון, מיליאַרדען שנייענע בריליאַנטען.

די אַלטע כשוף־מאַכערין מיט דבורה'ן זענען אַרויסגעקומען פֿון דער הייל, און דער אַלטער אויפֿ'ן האַלז הענגט אַ שופר אויף אַ לאַנגער גאָלדענער קייט.

זי האָט זיך אַבגעשטעלט, גענומען דעם שופר צום מויל.

תְּקִיעָה!

דער קלאַנג פֿון שופר ציטערט נאָך אין דער לופֿט, און דבורה פֿיהלט שוין, ווי עס ציטערט די ערד אונטער איהרע פֿיס פֿון טויזענדער טריט.

דאָס האָט דער שופר די שלאָפֿענדיגע סאַרנעס געוועקט, און פֿון אַלע עקען פֿון וואַלד, לויפֿען זיי זיך צוזאַמען און שטעלען זיך אויס אַ שורה דער כשוף־מאַכערין צו דער רעכטער האַנד.

צי איז עס אַ חלום? דבורה הערט ווי די כשוף־מאַכערין בעגריסט זיי מיט אַ פֿרעהליכען „גוט־מאָרגען" און די סאַרנעס, וואָס ציטערן פֿאַר קעלט, ענטפֿערן איהר מיט אַ פֿרעהליכען: גוט יאָהר!

און ווייטער נעמט די אַלטע דעם שופר צום מויל.

תְּרוּעָה!

עס פערקלינגט ווייטער אין דער לופט, און מיט ציטערדיגע פעלעכליך, פון אלע עקען פון וואלד, לויפען זיך צוזאַמען אויפגעוועקטע הירשען און שטעלען זיך אויס אַ שורה, אנטקעגען די סאַרנעס, דער כשוף־מאכערין אין דער לינקער האַנד!

— גוט מאָרגען, הירשען!

— גוט יאָהר, מוהמעשי!

און צום דריטען מאָל נעמט די אלטע דעם שופר צום מויל, צום דריטען מאָל בלאָזט זי און די ווייסע קרוינען אויף די הויכע בוימער הויבען אָן לייכט צו ציטערן, איבערן גאַנצען וואלד וואַרפען זיך אויף קופקעליך שניי, אז ס'שפּרינגען היה'ליך אַרויס, — אַ נעלויפעריי, אַ נעיאָגעריי אין וואלד, — האַלב פערשלאָפענע וועווערקעס, קינינליך, האָזען און העזליך און פיקסליך קליינע און נעלע, און נאָך אַלערליי קליינוואַרג פון וואלד, מיט זילבערנע וואָנסען, מיט עלפענביינערנע און זילבערנע הערנדליך קומען אָנצולויפען און שטעלען זיך אויס אויפ'ן פראָנט, אנטקעגען דער כשוף־מאַכערין.

— גוט מאָרגען, חיה'ליך!

— גוט יאָהר, מוהמעשי!

און צום פיערטען, צום לעצטען מאָל, בלאָזט די אלטע. נאָך שאַרפער קלינגט עס אין דער הייך, און אונטערן הימעל פון אַלע עקען פון דער וועלט בעווייזען זיך שווימענדיגע שוואַרצע, ווייסע און פאַרבינע פלעקען, און עס הערט זיך אַ געדויש, אַ נעזשומעריי, אַ פליגעל־געקלאַפּעריי און אַ גאַנצע חמאַרע פון פליגעל און פויגעל שוועבען שוין אין דער לופט און רעדלען אַרום דער אַלטער כשוף־מאכערינ'ס קאָפּ.

„גוט מאָרגען" — „גוט יאָהר" און די אַלטע האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— ערשטענס זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייך האייאָהר אַזוי פריה געוועקט, אַזוי פריה צוזאַמענגערופען! איבער יאָהר, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען, וועט איהר דערפאַר לענגער רוהען, לענגער שלאָפען... דאָס מאָל מוזט איהר מיר טהון אַ טובה!

— גערן! גערן! ווערט אַ געדופעריי פון אַלע זייטען — וואָס דיין האַרץ נור גליסט!

— איהר אַלע, — זאָגט די כשוף־מאַכערין — איהר אַלע וואָס שפּרינגט, היפּעט, טאַנצט, לויפט און פליהט! איהר אַלע זאָלט אייך תיכף ומיד בעגעבען צום פעטער קאַרליק אין דער הייל אַריין, אויף אייערע בעקאַנטע וועגען, מיט אייער קפיצת הדרך, זאָגען איהם פון מיר: „גוט מאָרגען!" און נעהמען זיינע אוצרות און איבערטראָגען אין גלויבשטיינער פּאַלאַץ אַריין! צוויי פּוד גאָלד זאָל נעהמען אַ הירש, צו איינציגע פּוד אַ סאַרנע, און די קליינע חיה'ליך — צו האַלבע! און די שוואַרצע פליגעל זאָלען זיך אויפהענגען ווייסע שנורען פּערל, און די ווייסע פליגעל שוואַרצע פּערל, און די קאָלירטע — אַלערליי קרעלען און טהייערע שטיינער!

די אַלטע בלייבט אַ רגע שטיל און ווענדט זיך צו דבורה'ן:

— וואָס וואָלסט דו געטהון, קינד, ווען מען זאָל דיר איבערגעבען דאָס גאַנצע פערמעגען?

דבורה טראַכט אַ ווייַלע און ענפערט:

— איך וואָלט עס הפקר געמאַכט, דאָס גאָלד זאָל דעם ווערט פערלירען, עס זאָל אויפהערען קנאה, שנאה...

— גוט, גוט, — שמייכעלט די אַלטע — אפשר אויך אַ פּלאַן.

און ווענדענדיג זיך צו די פליגעל און חיה'ליך זאָגט זי ווייטער:

— מיט דעם אַלעם זאָלט איהר פליהען, לויפען און טרייבען צום גלויבשטיינער פּאַלאַץ...

— דאָרט האַלט יואב...

— דער פאַלשער יואב, — פאַלען חיה'ליך און פליגעל אין די רייד:

— נישט אייער זאַך, — בייזערט זיך די אַלטע — דאָרט האַלט יואב אַ סעודה!

— און אַ סעודה, — זאָגט ווייטער די אַלטע מיט אַ וואונדערליכען שמייכעל — ווי אחשורוש אין זיין צייט! ער וויל זיך אויך אַ מלכה קלויבען; די שענסטע פון דער גאַנצער מדינה וויל ער!

— דער רשע!

— שטיל זאָל זיין! -- טיפּעט די אַלטע מיט'ן פוס — זיין טאָכטער שטעהט פאַר אייך!

— עס איז נישט זיין טאָכטער! — עס ווערט אַ געדוישעריי: מיר ווייסען, מיר ווייסען!

— און אַז מען ווייסט, — לאַכט די אַלטע — איז מען קלוג, און אַז מען איז קלוג שווייגט מען!

און זי מאַכט צוריק איין ערנסט פּנים און זאָגט:

— און אַ סעודה וועט זיין כיד המלך! זיבען טאָג און זיבען נעכט אַ סעודה! טויזענדער פאַרבינע לאַטערנען וועלען פלאַמען אין פּאַלאַץ און אין גאָרטען! טישען אָהן צאָהלען וועלען זיך ברעכען אונטער דער לאַסט פון עסענוואַרג און וויינען, הונדערטער קאַפּעלען פון מוזיקאַנטען, הונדערטער כאָרען פון זינגער און שפּיעלער, וועלען זיין אין זאַלען און אַלעען צוזוואָרפען... פון גאָלדענע עלפענביינערנע און פּערלמוטערנע שיפליך, וואָס וועלען זיך גליטשען איבער'ן בלאָהען שפּיגעל, וועט שווימען געזאַנג, פון יעדען בלומענשטרויס וועט אַרויסקלינגען, אַרויסזינגען, אַרויסשפּיעלען...

אויבען אין הימעל וועט שווימען אַ נעלע, פערשעמטע לבנה, קיין שטערן וועט מען גאָר נישט זעהן, בעהאַלטען וועלען זיי זיך פאַר קנאה...

אונטען וועלען שענערע שטערן זיין! אַלע שטערן פון גאַנץ וואונדערלאַנד, — די שענסטע פרויען פון גאַנץ וואונדערלאַנד וועלען פאַרביינעהן פאַר'ן טראָן... אויפ'ן טראָן וועט זיצען יואב, יואב מיט'ן אַלטען, פערשרומפּענעם פּנים, מיט פערגלעזערטע אויגען, מיט אַ ברייט געעפענט מויל ווי ביי אַ פיש... און ער וועט קוקען, קוקען און וועלען זיך אויסקלויבען אַ מלכה...

— פוי! ווערט אַ גערופעריי און געפייפעריי צווישען די חיות.

-- שווייגט! רופט די אַלטע שטרענג — אַהין זאָלט איהר ברענגען די אוצרות! דער רעשט געהערט שוין צו מיר!

— און אַ צונד — זאָגט ווייטער די אַלטע — ריהרט אייך! צושיט אייך! צויאָגט, און צופליהט אייך! יואב'ס יעגער קומען אָן — ווילד־פּרעט דאַרף מען! זאָל אייך קיין פייל נישט טרעפען, קיין קויל נישט ריהרען! הוש! הוש!

די פליגעל און די חיה'ליך זענען פערשוואונדען געוואָרען און די אַלטע נעמט אַרום דבורה'ן, קושט זי און זאָגט:

— אַצונד, אין גאָטס נאָמען, געה און וועק, ווען דו ווייסט!

---

## צוועלפטעס און לעצטעס קאפיטעל.

### וואס די אלטע קראה ווייס און דערצעהלט.

אין די לעצטע טעג איז נישט רוהיג געוועזען אין גלויבשטיינער וואלד.

קוים זענען זיך די געוועקטע חיות און נעפלינעל צולאפען און צופלוינען, און אין וואלד האבען זיך גאנצע מאססען יענער בעוויזען. עס איז געווארען א געשיסעריי, א געיאגעריי. עס האבען געיאגט און געשאסען בעזונדער און חברות'ווייז, און מען האט אויסגעטעדט דעם וואלד פון רעשט ביסיל פעפער און פוילע, וואס האבען דער כשוף־מאכערינס רופען און בלאזען אין שלאף נישט געהערט, אדער גע־הערט און איבערגעדרעהט זיך אויף דער צווייטער זייט און ווייטער גע־שלאפען. — אזעלכע האבען דערפאר די יענער געוועקט און געטייט אויף ווילדפרעט פאר יואב'ן צו דער סעודה...

דערנאך האבען אנגעהויבען די געסט צו געהען צו רייטען און צו פאהרען, פון אלע זייטען פון דער מדינה, אויף אלערליי פוהר־ווערק, מיט אלערליי געשפאן.

שפיעלער און זינגער און קונצענמאכער — צו פוס, אדער א גאנצע חברה האט זיך געשלעפט אויף איין פויעריש פיהריל, — א געהאפט נעלעגענהייט. אויך שווערע וועגען זענען געגאנגען, זיי האבען די שענסטע דארף־מיידליך געפיהרט, — פרעהליכע אויגען האבען דורכגעבליצט, פערשידענפארבינע בענדער האבען דורכגעוויהט, לוסטיגע ליעדער האבען דורכגעקלונגען, עס האבען זיך אויך פיעל וואלענטען, קאטשען, קארעטען געוועזען, מיט בליצענדיגע שויבען, מיט גאלד און זילבער בעשלאגען געשפאן און טהייערע פערד...

עס האבען קיין חיה'ליך געוויהערט, עס האבען קיין פיינעל גע־זונגען און פול מיט גערויש און געזאנג איז געוועזען דער וואלד, און די ערד אונטער איהם האט געציטערט אונטער די פוסגעהער, רייטער און פאהרער...

און אז דאס גאנצע גערויש איז אריבער קיין גלויבשטיין, איז דער וואלד געבליבען שטום, שרעקליך שטום...

צוטרעטען און צומארשטען דער שניי; דורכגערעדערט, אויפ־געווארפען — דער וואלד.

נור עטליכע קראהען זענען אויף א וויסטען בוים געבליבען, און די עלטסטע פון זיי דערצעהלט די יונגערע, וואס אין גלויבשטיין איז געשעהען.

זי האלט אין דער מיט ערצעהלונג.

„איין אנגעהויער לאנגע שורה פון שענהייטען האט זיך געצוינען פאר יואב'ס שטוהל...

לאנגזאם זענען זיי געגאנגען, טריט ביי טריט מארשירט ביי דעם קלאנג פון א שטילער, זיסער, פערכשופ'טער מוזיק.

אלע קאפעלען האבען ביי די פענסטער פון פאלאץ געשפיעלט, אלע כארען האבען געזונגען און אין סאלאן האט געבליצט פון ברי־לאנטען און ברילאנטענע אויגען...

פערשידענפארבינע טואלעטען האבען געבלענדט...

און דער אלטער יואב זיצט איינגעבויגען מיט א בלאס פנים און אויסגעגלאצטע אויגען און קוקט...

פלוצים האט ער דערזעהן, אז רעכטס, נישט ווייט פון טראן, שטעהט א שענער יונגער מאן מיט א ווייסער טויב אויף איין אקסעל. וואס טהוט ער דא? ער קוקט לינקס און דערזעהט זיין אייגענע טאכ־טער דבורה'ן, מיט א העל־גלאנצענדיגען שטערן ווי א קרוין אויפ'ן קאפ, נעבען א יונגען־מאן, וואס האט אויף אלע מיט צוויי אויגען ווי צוויי שטערן געקוקט. און פון פארענט זעהט ער — קומט אריין שולמית...

עס איז נישט שולמית, עס איז איהר געשטאלט געוועזען.

שולמית אין געשטאלט פון א ווייסער טויב איז געשטאנען רעכטס, אויפ'ן בעריהמטען שטיקערס אקסעל; און, אין געשטאלט פון שולמית האט זיך צו איהם דער גלגול פון זיין ווייב, פון זיין ווייב, וואס ער האט אין קעלער פערמאטערט, גענעהנט.

און פון ווייטענס בעווייזט זיך נאך שלמה צוריק אין בגדי־מלכות געקליידט...

יואב פאלט פאר שרעק אראב פון שטוהל און אויף אלע פיער ריטשט ער צו צו שולמית, דאס הייסט צו זיין אייגען פערשטארבען ווייב, וואס האט זיך אין שולמית'עס געשטאלט פערשטעלט.

ער ריטשט זיך און פאלט צו מיט ווייסע ליפען צום זוים פון איהר קלייד און קרעכצט און שטעהנט:

דאס האב איך אלץ אויס ליעבשאפט צו דיר געטהון... זיי מיר מוחל, שולמית, זיי מיין ווייב!

— דער אלטער נאר! רופען די יונגערע קראהען.

די אלטע לאזט זיך נישט איבערהאקען און דערצעהלט ווייטער;

אין דערזעלבער רגע איז די וואונדערליכע זאך געשעהן.

שולמית און די ווייסע טויב האבען זיך צוריק מיט די גע־שטאלטען פערביטען.

די עכטע שולמית האט זיך געשטעלט ביי דעם בעריהמטען שטיקער אין א זייט, און די ווייסע טויב האט דאס צווייטע און דאס לעצטע מאל איהר געשטאלט געטוישט, און יואב, פערדולט און משוגע פאר תאוה און שרעק, האט פאר זיך זיין פערשטארבען ווייב דער־זעהן, אין תכריכים איז זי פאר איהם געשטאנען, און א וויים־טויטע האנד איהם אויפ'ן קאפ געלעגט...

און אין דערזעלבער רגע האבען זיך געעפענט דריי טיהרען, פון פארענט, רעכטס און לינקס...

פיער ווייסע בערען זענען אריינגעקומען רעכטס; פיער ווייסע בערען האבען געטראגען פיער גאלדענע שטאנגען פון א רויט־סאמע־טענער חופה מיט פערל און ברילאנטען געשטיקט און האבען זיך גע־בען דעם בעריהמטען שטיקער מיט שולמית געשטעלט און זיי אונטער דער חופה גענומען.

און פונקט אזוינע פיער ווייסע בערען זענען אריינגעקומען לינקס, און האבען אויך אונטער אזא חופה גענומען די צווייטע פאר, דבורה'ן, יואב'ס, טאכטער, מיט'ן ליכטיגען שטערן אויפ'ן קאפ און דעם יונגען מאן מיט די שטערנשטראהלענדיגע אויגען...

און פון פארענט זענען אריינגעפלויגען פיער שווארצע, שרעקליך שווארצע קראהען, מיט א שווארצער, שווארצער חופה און האבען זיך געשטעלט אין דער לופט איבער יואב'ס און זיין ווייב'ס קאפ...

און אונזער מוהמע האט זיך אויך בעוויזען...

אונזער אלטע מוהמע מיט די ווייסע האר, ברענעדיגע אויגען און מיט'ן שופר אויף דער לאנגער גאלדענער קייט...

און דער פעטער קארליק האט זיך בעוויזען אין שווארצ־סאמעטענע קליידער און אין א שטריימעל — א שווארץ־שטריימעל מיט לאנגע, לאנגע זילבערנע שטראהלען — ער וועט ביי די רויטע חופות מסדר קדושין זיין...

און די אלטע האָט אַ בלאָז געטהון —
שְבָרים האָט זי געבלאָזען...

און ביים בלאָזען האָבען זיך די פֿייער שֵדים אין געשטאַלט פון קראָהען מיט דער שוואַרצער חופה אויפֿגעהויבען און אַרויסגע־פֿלויגען מיט יואָב'ן און זיין ווייב, מיט וועלכער ער איז נאָך אַמאָל געשטאַנען אונטער דער חופה צוזאַמען...

און אינ'ם פֿליהען איז אַראָבגעפֿאַלען די קרוין פון יואב'ס קאָפּ און האָט זיך צוגעקאָלערט צו שלמה דעם זיבענאונצוואַנציגסטענס פּים...

און דער סדור־קדושין ביי די רויטע חופות האָט זיך אָנגע־הויבען... און באַלד דערנאָך האָבען זיך אונזערע חיות און עופות בעז־וויזען און האָבען דעם קאַרליקס אוצרות דבורה'ן צו די פֿים געלעגט.

— דאָס איז זיין גדן! האָבען זיי געזאָגט.

— אויפֿ'ן אָרט פון דער מלוכה — זאָגען די יונגע קראָהען און פֿרעגען:

— און ווייטער וואָס איז געשעהן?

נאר די אַלטע קראָה רופֿט זיי צו שטיל: הערט, הערט!

אַ שטיל גערויש איז געוואָרען אין וואַלד, שטילע טריט האָ־בען זיך געהערט.

אַ חברה קליינע, גאַר קליינע מענשעליך, קאַרליקים, אין שוואַרצ־סאַמיטענע קליידער, מיט גאָלדענע גאַרטיל מיט בריליאַנטען־בליצענדיגע אַראָבגעלאָזטע עקען, מיט קליינע זילבער־בליצענדיגע שטריימליך, און מיט אויגען וואָס האָבען אַלעס איבערגעבליצט האָט זיך בעוויזען אין וואַלד, און האָבען רוהיג און שטיל דורכמאַשירט.

די קראָהען האָבען זיי נאָכגעקוקט ביז זיי זענען פֿערשוואונדען געוואָרען.

— וואָס איז דאָס? פֿרעגען די יונגע קראָהען ביי דער אַלטער.

די אַלטע זאָגט זיי:

— איך ווייס און וויל אייך זאָגען:

דאָס איז אַ דעלעגאַציע, וואָס די קאַרליקעס שיקען ארויס צו שלמה דעם זיבענאונצוואַנציגסטען.

זיי, די מענשען מיט קליינע גופים און גרויסע נשמות, ווילען שלום מאַכען מיט די גרויסע גופים און קליינע נשמות!

— ביז אהער האָבען זיי עס נישט געפּריווט?

— באַ! זיי ווייסען, אַז שאַפֿען, האָבען ביז איצט געקאָנט נור גרויסע גופים און קליינע נשמות, וועלכע האבען ביז אהער ליעב גע־האַט מלחמה צו האַלטען; יעדער נצחון איז געוועזען אַ נייער בריליאַנט אין דער קרוין אויף זייער קאָפּ...

שלמה דער זיעבענאונצוואַנציגסטער, רעכענען זיי, וועט שוין קיין מלחמות נישט פֿיהרען... ער האָט גלות געליטען, אויך ביי אַ קאַרליק אונטער דער ערד געלעבט, וועט ער זיי אויסהערען און פֿערשטעהן...

— פֿאַר וואָס האָבען זיי נישט געפּריווט ביי שלמה דעם ערשטען? ער האָט אויך קיין מלחמות נישט געפֿיהרט און איז אַ חכם געוועזען...

— ביי איהם זענען זיי טאַקי דריי מאָל געוועזען און ג י ש ט געטראָפֿען... ער האָט אַלע דריי מאָל צו זיי קיין צייט נישט געהאַט.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך פּרעה'ס טאָכטער פֿאַר'ן טויזענדס־טען ווייב געבראַכט און האָט זיך איהר צו ליעב, זי צו פֿרעהען, אויף אַ גאַנץ יאָהר פון דער מלוכה אָבגערוקט...

דאָס צווייטע מאָל — האָט מען איהם אַ שטאַל מיט פֿערד פון מצרים געבראַכט... האָט ער נאָך ווענינער צייט געהאַט, און דער עולם אין ירושלים האָט זיך דערווייל לוסטיג געמאַכט איבער די קליינע מענשעליך!

צום דריטען מאָל האבען זיי נאָך ערגער געטראָפֿען! די מלכה־שבא איז געווע,זען צו גאַסט!

עס איז, זעהט אויס, אַ הימעל־זאַך געוועזען! מען האָט דאָרט קיין שלום נישט געוואָלט, און די קאַרליקעס האָבען אָנגעהויבען גאַר אין גאַנצען מסופק צו זיין, צי איז ער טאַקי, דער שלמה, אַזאַ חכם! מאַלע וואָס אַ וועלט זאָגט!

די אַלטע קראָה פֿערשווייגט און פּיקט זיך אין עק שטאַרק פֿער־קלערט.

— און היינט,— פֿרעגען די יונגע — וועלען זיי פּועל'ען?

— ווער ווייסט? — דער היינטיגער שלמה איז עהרליך און גוט... דער בעריהמטער קינסטלער איז זיין איידעם, דבורה'ס מאַן מיט די שטערן־ליכטיגע אויגען זאָל ווערען משנה למלך...

זי פֿערטראַכט זיך ווייטער און פּיקט זיך אין עק.

(ענדע)

---

## די זומערפויגעל.

### אַ מעשה פֿאַר גרויסע און קליינע קינדער.

III.

ס'איז אַוועקגעגאַנגען נאָך אַ פּאָר וואָכען. ס'איז געוועזען אַ שע־נער שטילער זומערטאָג, די מוטער איז געזעסען אין דער נעסט, נעבען איהרע פֿינף קינדערליך, וואָס האָבען אויסגעצויגען די דינע, לאַנגע העלזליך און אַרויסגעשטעלט די לאַנגע, שוואַרצע שנעבאַליך, וועלכע זענען נאָך נישט רויט געוואָרען. אַ ביסעלע ווייטער פֿון דער נעסט אויפֿ'ן שפּי'ץ דאַך איז געשטאַנען דער פֿאָטער פֿון די קליינע שטאָרכען גלייך און אויסגעצויגען, מ'וואָלט געקענט מיינען, אַז ער איז געמאַכט פֿון האָלץ, אַזוי איז ער געשטאַנען שטיל, נישט אַ ריהר זיך צו טהון.

אונטען אויף דער גאַס האָבען זיך געשפּיעלט אַ גאַנצע טשאַטע פֿון ווייסע חברה'ניקעס, עס איז עפּיס געוועזען אַ יום טוב, זענען זיי גע־וועזען פֿריי און אַ ביסעלע פֿרעהליך. אַז זיי האָבען דערזעהן אויפֿ'ן דאַך די שטאָרכען, האָבען זיי אָנגעהויבען פֿון זיי חוזק מאַכען, רופֿען זיי מיט פֿערשיעדענע צונעמען: „לאַנגע נאָז", „רויטער פּיסק" וכדומה. אַ הונד אַז ער בילט אויף עמיצען און יענער שווייגט, בילט ער זיך אָב זיינס און געהט זיך דערנאָך אַוועק אין זיין רוה אַריין, דרעהענדיג מיט דעם ווידעל; מיט אַ מענש איז אָבער פּונקט דער היפּך: בילט ער אויף עמיצען און יענער שווייגט איהם, בעקומט ער אַלע מאָל מעהר עזות און הויבט שוין אָן טאַקי צו בייסען. אַזוי איז אויך געווען מיט דער ווייסער חברה. זעהענדיג אַז די שטאָרכען קוקען זיך נישט אום אויף זייער שפּאָט און געלעכטער, האָבען זיי אָנגעהויבען וואַרפֿען שטיינער אין דער נעסט מיט אַ מין פֿייפֿען און מיט אַ מין געשריי ווי אמת'ע שקצים, דערביי האָבען זיי נאָך צוגעזונגען אַ ליעדעל, האַלטענדיג זיך ביי די הענד און פֿערדרייסענדיג די קעפּ צום דאַך:

איי שטאָרכיץ איינער,
ברעכען וועלען מיר דיר די ביינער;

אונ פון די שטאָרכעליך די קליינע
וועלען מיר נישט לאָזען נישט איינע;
איינס וועלען מיר שטעכען,
דאָס צווייטע וועלען מיר קוילען,
דאָס דריטע וועלען מיר פערברענגען
און דאָס פיערטע — אזוי צונעהמען.

— הער נאָר מאַמע, וואָס די שקצים זינגען! — זאָגען די קליינע שטארכען נעביך שטאַרק דערשראָקען,— זיי זאָגען טאַקי אַז זיי וועלען אונז קוילען און בראטען!

— מאַכט זיך נישט פון זייערע רייד! — ענטפערט זיי די מוטער וואָס נאַרישע גראָבע שקצים קענען זאָגען; הערט זיך גאָר נישט צו. נישט קשה גאָט וועט אונז אויספיהרען, עס וועט אייך גאָר נישט שאָדען.

אָבער די גאָסעניונגליך האָבען נישט אויפגעהערט צו מאַכען פון זיי שפאָט, וואַרפען זיי שטיינער און זינגען דאָס לידעלע, און די מוטער האָט אַליך געטרייסט איהרע קינדערליך: „האָט נישט קיין יסורים. שרעקט אייך ניט, גאָט איז מיט אונז; זעהט ווי דער טאַטע שטעהט רוהיג, אָהן שרעק, און נאָך דערצו אויף איין פוס... איהר פערשטעהט וואָס דאָס הייסט?"

אויף איין פוס האָט ביי איהר געהייסען, אַז לאַנג וועלען זיי דאָ נישט בלייבען.

— עס איז אָבער אַ גרויסער וועהטאָג דאָס אַלעס צו זעהען און איבערצוטראָגען! — זאָגען די יונגע שטארכליך און ציהען אריין די קעפעליך צוריק אין נעסט, זיי זאָלען נישט זעהען די ווייסע חברה'ניקעס.

די מוטער האָט זיי גאָר ניט נעענטפערט און האָט אויך בעהאַלטען דעם קאָפּ אונטער די פליגלען גאָר נישט צו זעהען און צו הערען. טרויעריגע געדאַנקען וועגען איהרע קינדערליך האָבען איהר נעפרעסט דאָס הארץ, זי האָט זיך דערמאהנט, וואָס עס איז אַ מאָל פאָרגעקומען מיט די שטארכען אין פיעל לענדער [1], און אַ גרויל איז איהר איבערגעגאַנגען איבער'ן לייב. אָבער זי האָט דאָס ניט געוואָלט אַרויסווייזען פאַר איהרע קינדערליך. זיי זענען געוועזען נענוג איבערגעשראָקען.

אויפ'ן אַנדערען טאָג אַז די ווייסע חברה האָט זיך ווייטער צינויפגעקליבען אויף דער גאַס זיך צו שפּילען, האָבען זיי ווידער געוואָרפען שטיינער אויף די שטארכען, זינגענדיג דאָס לידעלע:

איינס וועלען מיר שטעכען,
דאָס צווייטע וועלען מיר קוילען.

— מאַמע מאַמע! — האָבען ווייטער אָנגעהויבען די קליינע שטארכעליך טוידט פון שרעק—זיי זאָגען ווייטער אַז זיי וועלען אונז קוילען און ברענען, ס'איז אֱמֶת?

— ניין, ניין, מיינע זיסע קינדערליך, נישט דערלעבען וועלען זיי דאָס! לערנט זיך נאָר פליהען הויך, הויך פליהען, וועט איהר פאַר זיי נישט קיין מורא האָבען, איך וועל אייך שוין לערנען ביסליכווייז, אַז איהר וועט שוין אָנהויבען אַ ביסיל צו פליהען, וועלען מיר זיך לאָזען שפּאַצירען געהען נישט ווייט אין די נאָהנטע זומפען, וואו עס וואוינען די זשאַבעס, וואָס מאַכען „קוואַק, קוואַק, קוואַק". דערנאָך וועלען מיר פליהען צו אונזערע בעקאַנטע אין וואַלד. ווי שען און וואויל איז אין וואַלד. אַזוי וועט איהר פליהענדיג שטאַרקען אייערע פליגלען און אויך זעהען אַ נייע שענע וועלט. דאָרט וועט איהר פערגעסען די נאַרישע גאַסען־יונגליך.

— נאַ, וואָס וועט זיין דערנאָך? — פרעגען די קינדערליך.

— דערנאָך — ענטפערט די מוטער — דערנאָך וועלען זיך צונויפנעהמען אַלע שטארכען — וואָס וואוינען דאָ אין דעם לאַנד, און דענסטמאָל וועט זיך אָנהויבען די פּרוּוואונג אויף פליהען, דאָס איז נייטהיג ווי דאָס לעבען, איהר זאָלט קענען גאָר גוט פליהען, וואָרום דער וואָס קען נישט פליהען אין דער צייט, דעם שטעכט דער עלטסטער טוידט מיט דעם שנאַבעל. זעהט'זשע איהר זאָלט פלייסיג אַרבייטען אַז עס וועט זיך אָנהויבען דאָס לערנען.

— מ'וועט דאָך אונז דערנאָך סיי ווי סיי קוילען און פערברענגען, וואָס־זשע וועט אונז אַרויסקומען פון דעם פליהען? — זאָגען די קינדערליך דערמאהנענדיג זיך אין דעם בעקאַנטען ליעדעלע.

— הערט מיך, אייער מוטער, נישט די גאָסעניונגליך מיט זייערע ליעדעליך. נאָך דער פּרוּוואונג אַז איהר וועט קאָנען גוט פליהען, וועלען מיר אַוועקפליהען אין אַ וואַרם לאַנד, ווייט ווייט פון דאַנען, איבער יַמִים, איבער בערג און וועלדער. שען און זיס איז דאָס לאַנד! הויכע בערג זענען דאָרטען דאָ, וואָס גרייכען מיט זייערע שפּיצען איבער די וואָלקענס. גאַנצע וועלדער פון מאַראַנצען און איילבירטען, פייגען און טייטלען, וואַקסען דאָרט. אַזוי ווי קרעלען פון ריינעם באָרשטין, הענגען און פונקעלן דאָרט אויף דער זון קראַנצען מיט ווייַנטרויבען, שענע זיסע בלומען, רויזען און ליליען בעדעקען די טאָהלען און געבען אַרויס אַ גַן־עֵדֶן־רֵיחַ. טייכליך מיט פריש קאַלט וואַסער, ריין ווי די ליכטיגע שטראַהלען פון דער זון, רינען דאָרט פון די שטיינערנע בערג אַראָב און בעהאַלטען זיך אין קיהלען שאָטען פון די געדיכטע בוימער, וואָס אויף זייערע צווייגען ווינען זיך טויזענדער פויגעל פון טויזענדער קאָלירען און זינגען זיסע ליעדער. ריין און לויטער איז דער ליכטיג בלויער הימעל, און די זיסע ריינע לופט איז גלייך ווי אָנגעזאַפּט מיט אַלע מִינֵי בְּשָׂמִים.

— אַ! האָבען די קינדערליך אַ געשריי געטהון פערגאַפט.

— יאַ! זאָגט ווייטער די מוטער מיט אַ טיפען זיפץ — ויאונדערליך שען איז אונזער לאַנד. מיר זאָלען שוין נאָר דערלעבען אַהין צו קומען, וועלען מיר לעבען פריי, רוהיג אין נחת און אין פריידען, אָהן שרעק פאַר די שלעכטע גאַסעניונגליך מיט זייערע שטיינער; אָהן חרפות, אָהן בושה — און ווען דאָרט איז אַזוי וואויל און וואַרם, די ליכטיגע זון שיינט אַז ס'איז נור אַ פרייד, קען מען דאָ אין דעם לאַנד קיין גרינעם בלאַט נישט געפינען אויף די נאַקעטע בוימער; דאָ איז אַזוי קאַלט אַז אַפילו די וואָלקענס ווערען פערפרוירען און צופאַלען זיך אין קליינע ווייסע שטיקליך, וואָס בעדעקען די ערד אַזוי ווי מיט אַ קאַלטען זילבערנעם שטויב.

— נאַ, און די שלעכטע גאַסעניונגליך ווערען אויך פערפרוירען און צופאַלען אויף שטיקליך? — פרעגען די קליינע שטארכען.

— ניין! — ענטפערט די מוטער — אויף שטיקער ווערען זיי נישט פערפרוירען, נאָר עס פעהלט זיי נאָר וועניג דערצו. זיי מוזען זיך בעהאַלטען אין די פינסטערע שטיבער, ליגען אונטער די אויוועגס, בְּשַׁעַת

[1]) דער געוויסער גרויסער נאַטורפאָרשער ברעם, וואָס האָט בעשריבען דאָס לעבען פון אַלע חיות און עופות, דערצעהלט אַז פון אייניגע לענדער, צום ביישפּיעל שפּאַניען, זענען די שטארכען אינגאַנצען אַנטרינען געוואָרען, ווייל עס האָט זיי זעהר אונמענשליך דאָרט בעהאַנדעלט. ברעם. די פויגעל, צווייטער באַנד.

איהר וועט אַרומפֿליהען אין אונזער לאַנד אויף דער ריינער בלויער לופֿט. אונטער דער גאָלדענער שיין פֿון דער זון, און אַרום אייך וועלען בליהען בלומען.

(פֿאָרטזעטצונג קומט) בן־עמי.

---

# איבער דער גרויסער וועלט.

**דער קאָנגרעס געגען שווינדזוכט.** דער קאָנגרעס געגען שווינדזוכט איז ערשט ניט לאַנג צוזאַמענגעקומען קיין לאָנדאָן. אין דעם קאָנגרעס האָבען טהייל גענומען אַנ׳ערך 3000 דאָקטוירים פֿון אַלע לענדער אין דער וועלט.

אויף דעם קאָנגרעס זענען געהאַלטען געוואָרען וויכטיגע רעדען, עס זענען געפֿיהרט געוואָרען לאַנגע ויכוחים, עס זענען אָנגענומען געוואָרען פֿיעל וויכטיגע החלטות. אמת, די החלטות זענען אייגענטליך גוטע עצות, ווייל זייער אויספֿילונג ליגט ניט אין די הענד פֿון קאָנ־גרעס, נאָר פֿון די רעגירונגען, אָבער דער קאָנגרעס, חאָטש ער בע־שטעהט נור פֿון פריוואַט־מענשען, האָט דאָך אַ גרויסע בעדייטונג, ווייל ער ווירקט אויף די מיינונגען פֿון פֿאָלק און אויף די רעגירונגען, וועלכע רעכענען זיך דאָך תמיד מיט די טובות פֿון כלל.

די גרויסע אויסברייטונג פֿון שווינדזוכט, וואָס דערגרייכט 15 ביז 25 פּראָצענט אין אייראָפּא, — זאָגט דער ענגלישער פּראָפֿעסאָר ברוארדעל אין זיין רעדע, — לייגט אַרויף אַ חוב אויף די רעגירונגען, צו זוכען מיטלען ווי מען זאָל קענען אָבהאַלטען דעם גרעסטען פֿיינד פֿון דער מענשהייט. אַלע האָבען זיך אריינגעזעצט אין קאָפּ די פֿאַלשע מיינונג, אַז שווינדזוכט קען מען ניט היילען און אַז דאָס ראַנגלען זיך מיט איהר איז גאַנץ איבריג. ווייטער האָט מען אומעטום געהאַלטען, אַז סוחאָטע געהט איבער בירושה פֿון די עלטערן צו די קינדער, און מיט די צוויי דעות האָט מען זיך געהאַלטען יאָהרען לאַנג, ניט זו־כענדיג ניט די סבה פֿון דער דאָזיגער קראַנקהייט און ניט קיין מיטלען געגען איהר. ערשט אַז פּראָפֿעסאָר קאָך האָט געפֿונען דעם באַציל, וועלכער רופֿט אַרויס די קראַנקהייט, דאַ האָט יעדער פֿערשטאַנען, אַז עס עפֿענט זיך פֿאַר די מענשליכע ארבייט אַ נייעס פֿעלד און אומעטום האָט מען אָנגעהויבען צו קלערען ווי אויסצונוצען די נייע ענטדעקונג פֿאַר דעם טובת הכלל. אין פֿיעל לענדער האָט מען אָנ־געהויבען צו גרינדען חברות, וואָס האָבען זיך געשטעלט צום צוועק אויסצוראָטען אָדער לכל הפחות אָבצוהאַלטען די אויסברייטונג פֿון שווינדזוכט. מען האָט געגרינדעט אומעטום בעזונדערע שפּיטעלער און היילאַנשטאַלטען פֿאַר שווינדזוכטיגע, מען האָט אָנגעהויבען אַרויסצו־געבען פֿאָלקסשריפֿטען, ווי זיך אָבצוהיטען פֿון דער דאָזיגער קראַנק־הייט.

מען האָט אָנגעהויבען אומעטום צו פֿערשטעהען, אַז די בעס־טע מיטלען געגען דאָס אַנגעהמען זיך פֿון שווינדזוכט איז ריינקייט,— די ריינקייט פֿון קערפּער, פֿון דער וועש און פֿון די וואָהנונגען, די הויפּט־סכנה ליגט אין דעם לַחות פֿון קראַנקע, וועלכע האָט אין זיך מיליאָנען פֿון באַצילען און וועלכע זאַראַזען אַנדערע. מען דאַרף דע־רום זיך אָבגעוועהנען צו שפּייען אויף דער פּאָדלאָגע אָדער אויף דער ערד, נאָר מען זאָל שפּייען אין בעזונדערע כלים. דורך דעם אַליין קען די שווינדזוכט שוין גיך אָבגעשוואַכט ווערען. אין אַמעריקא איז דאָס שפּייען אין רעסטאָראַנען, וואָקזאַלען, טהעאַטערן און אַפֿילו אין נאָס שטרענג פֿערבאָטען. אין סידניי (אויסטראַליען) קומט פֿאַר דאָס שפּייען אין נאָס די שטראָף פֿון אַ פֿונט שטערלינג. דורך שלעכטע דירות און דורך שכרות ווערט די שווינדזוכט מעהר פֿעברייטערט, עס ליגט דערום אַ חוב אויף די רעגירונגען צו זאָרגען פֿאַר געזונדע דירות מיט גענוג לופֿט פֿאַר די אָרימע מאַסען פֿון פֿאָלק.

פּראָפֿעסאָר ברוארדעל איז ניט איינינג מיט דעם דר. קאָך, וועלכער מיינט, אַז שווינדזוכט פֿון בהמות קען ניט איבערגעגעבען ווערען צו מענשען. ער פֿערלאַנגט צוגלייך מיט דעם רוב דאָקטוירים פֿון קאָנגרעס, אַז מען זאָל ניט טרינקען קיין אויפֿגעבריהטע מילך, ווייל טאָמער איז זי פֿון אַ קראַנקער בהמה. ער פֿערלאַנגט, מען זאָל אַכטונג געבען אויף די שחיטה, מען זאָל ניט קוילענען קיין קראַנקע בהמות אָדער עופות.

עס איז אַ טעות,—זאָגט דער רעדנער און מיט איהם איז מסכים דער גאַנצער קאָנגרעס,—ווען מען מיינט, אַז פֿון שווינדזוכט קען מען זיך ניט אויסהיילען, אין זעהר פֿיעל טוידטע, וואָס ער האָט געפּאָל־מעסט אין זיין לעבען, האָט ער געפֿונען אויסגעהיילטע נעסטען פֿון שווינדזוכט־באַצילען. סוחאָטע קען מען אויסהיילען, ווען זי איז אַפֿילו שוין שטאַרק פֿאַרגעשריטען. „סוחאָטע, זאָגט גראַנטשער, קען גרינגער און גיכער אויסגעהיילט ווערען פֿון אַלע אַנדערע לאַנג דויְ־ערנדע (כראָנישע) קראַנקהייטען״. צו היילען שווינדזוכטיגע זענען איצט אין פֿיעל לענדער געגרינדעט בעזונדערע שפּיטעלער (סאַנאַ־טאָריום). די בעהאַנדלונג אין אַ סאַנאַטאָריום דויערט געוועהנליך 90 טעג, און דער נסיון וועיזט זעהר גוטע רעזולטאַטען. עס איז אויך זעהר גוט, ווען דער אויסגעהיילטער פֿערברייננט אויף דעם אַנדער יאָהר ווידער אַ חדש אין סאַנאַטאָריום.

געגען שווינדזוכט דאַרפֿען אַרבייטען אַלע מלוכות צוזאַמען. עס דאַרף געזאָרגט ווערען פֿאַר אַ גוטע דעזינפֿעקציע אין די וואַגאָ־נעס פֿון די אייזענבאַהנען, אין די דאַמפּשיפֿען, אין די האָטעלס.

פּראָפֿ. ברוארדעל ענדיגט זיין רעדע מיט די דאָזיגע ווערטער: „עהרע דעם נייינצעהנטען יאָהרהונדערט, וועלכעס האָט זיך אָנגעהויבען מיט זשענער׳ין (וואָס האָט געפֿונען אַמיטעל געגען פּאָקען) און לאָזט זיך אויס מיט פּאַסטער׳ן! דאָס 19־טע יאָהרהונדערט האָט מעהר אויפֿגעטהון צו פֿערקלענערען דאָס עלענד, קראַנקהייט און טוידט ווי אַלע פֿריהערדיגע הונדערטער יאָהרען צוזאַמען. דעם 20־סטען יאָהר־הונדערט שטעהט איצט פֿאַר די מלחמה מיט דעם גרעסטען שונא פֿון דער מענשהייט—מיט דער שווינדזוכט! זאָלען פֿאַר אונזער אַר־בייט ניט אויפֿשטעהן קיין נייע מכשולים און זאָלען אונזערע קינדער נאָך אונז זעהן, דאָס אונזער ארבייט איז ניט געבליבען אומזיסט און דאָס די דערגרייכטע רעזולטאַטען שטימען מיט די האָפֿענונגען פֿון די פֿעלקער, וועלכע קוקען מיט אַכטונג צו אונזער קאָנגרעס, וואָס איז צוזאַמענגעקומען מיט די העכסטע און ריינסטע געפֿיהלען צו דיענען דער מענשהייט!״

די החלטות זענען אַלע אָנגענומען געוואָרען נאָך דעם זין פֿון דעם איבערגעגעבענעם רעפֿעראַט פּראָפֿ. ברוארדעל.

---

## נדבות:

אַנשטאַט ווינשקאַרטען ערהאַלטען 1 רו״כ פֿיר בריסקער נשרפֿים פֿון ה׳ מאיר מאַטשידלאָווער.

---

# לוח „אחיאסף" לשנת תרס"ב

## שנה תשיעית.

שנות קיומו של לוח אחיאסף תשע מעידים על ערכו וטובו ועל סגלותיו הפנימיות המחבבות אותו על קהל הקוראים. הלוח כולל ספורים, שירים, ציורים, מאמרים פובליציסתים ומדעיים, השקפות על מאורעות השנה ושאלות החיים, תולדות אנשי שם המצוינים בפעולותיהם בעבר ובהוה, תמונות וציורים נחמדים, וכו' וכו'. בשנה זו הוספנו פרק חדש בשם „מראשית השנה עד אחרית השנה" הכולל סקירה עמוקה ומשפט צדק על כל המאורעות החשובים בחייהם הרוחנים של אחינו בכל הארצות במשך השנה החולפת, בכלל הוספנו בשנה זו גליונות שלמים על עצם הספר (החלק הספרותי לבד מחזיק כשלשים באָגען) הכוללים ענינים רבים ונכבדים, והיתה ההוספה הזאת במקום ספר מיוחד הנספח בתור תשורה.

בלוח אחיאסף תרס"ב השתתפו כמעט כל טובי הסופרים והחכמים, וזה תוכן החלק הספרותי:

א) אגרת. לוח אחיאסף
ב) מלחמה בשלום (ציור היסטורי)׳ ד"ר ש. ברנפלד
ג) עם פתיחת החלון (שיר)׳ ח. נ. ביאליק.
ד) היא היה כהן (סקיצה), י. ברשדסקי.
ה) תמונה (שיר), א. הופנשטיין.
ו) לחנוך העם (דבר להורים ולמורים), ש. ל. ציטראן.
ז) ר' אברהם בן נחום מכפר מכאוביץ (ציור), מ. ד. בראַנדשטעטטער.
ח) משיח (שיר), י. ל. ברוכוביץ.
ט) השתלמות שכלית והכרה מוסרית, יוסף קלויזנר.
י) לא יצא לפעל (ציור), י. ברשדסקי.
יא) לילה (שיר), מ. מ. הורוויץ.
יב) טעמים לסדר אלף-בית׳ יצחק כן אשר.
יג) משה (שיר)׳ דוד פרישמאַן.
יד) שתי שנים ומחצה (ציור), מיכה יוסף ברדיטצבסקי.
טו) זכרונות׳ א. ש. פריעדבערג.
טז) פסוקי דינקי (שיר), יעקב קפלן.
יז) שבבים: א) משמרים הבלי שוא. ב) שירה וזמרה. ג) זכרון בספר, א. שולמאַן.
יח) שומר מה מלילה? (שיר), מ. מ. דאליצקי.
יט) משי (מרשימותיו של עובר אורח), ש. בן-ציון.
כ) קץ כל בשר (חזון), יעקב כהן.
כא) הנחמה האחרונה (ספור), א. זינגער.
כב) איש מאת ה' (מכתם), יהודה ליב גורדון.
כג) אל אמי (שיר), יעקב קפלן.
כד) נחלה מבוהלת (מסעי הראשון לארץ ישראל), מרדכי בן הלל הכהן.
כה) בשכר נשים צדקניות (הלצה), צבי אלאטין.
כו) חג וחגא (ציור), א. ז. ראבינאוויטש.
כז) עוקצים ופרי מחשבות, ש. בן ציון.
כח) במה? (ציור), י. שטיינבערג.
כט) זכרונות (ציור), הנ"ל.
ל) היפרכוס ומלך, הנ"ל.
לא) דור דור (משה ליב ליליענבלום, דוד פרישמאַן), דר. מ. י. ברדיטצבסקי.
לב) אהבתיך עמי (שיר), דר. סולער.
לג) עלה נופל׳ א. לודוויפול.
לד) בין ערבים (שיר), יעקב כהן.
לה) במחזה (שיר)׳ יעקב קפלן.
לו) שיחת רוחות׳ מ. ל. ליליענבלום.
לז) ר' זכריה פראנקל (למלאת מאה שנה ליום הילדתו)׳ דר. ש. ברנפלד.
לח) יום היהודים בגרמניא (לתמונת הפרופ' מ. פיליפזאהן), דר. ש. ברנפלד.
לט) ר' מאיר איש שלום, ראובן בריינין.
מ) ר' אליעזר שולמאַן.
מא) יצחק ליבוש פרץ.
מב) י. י. ווייסבערג.
מג) על פתחו של גיהנם. י. ח. טביוב.
מד) מראשית השנה עד אחרית השנה — (סקירה על המאורעות של שנת התרס"א): השקפה כללית׳ הציונית בזמן הזה, הקונגרס הרביעי ותוצאותיו, התנועה הציונית בעם, האספות המחוזיות והמדיניות׳ העבודה הקולטורית, האספות הגליליות ברוסיה׳ אספת הציונים באָלמיץ׳ האספות בלמברג ובאמיריקא, אספת תלמידי חכמים צעירים במינכען, טבע התנועה הלאומית׳ המעשה והמחשבה׳ הבאַנק הלאומי, העכובים בתשלומי המניות, הלשכה בווארשא, המוסדים בפלשתינא, תיאודור הירצל׳ לפני השולטן, הקריזים של הקולוניות בפלשתינא׳ שנוי הסדר׳ הפקידות החדשה, שאלת הפועלים׳ חברת הישוב באוריסא׳ מלאכות מר גינצברג ומר זוסמן בפלשתינא׳ בית הספר ביפו, דעת הקהל׳ הצירים בפאריז, מכס נרדו והצעתו בדבר הגיטו החדש׳ יחוס הציונים בלונדון לבחירת הועד המדיני׳ הציונים בהנהגת חכי"ח בווינא, הרעב בנגב רוסיא, עבודת הצדקה, יחוס עשירי אחינו שבמערב למאורע זה, החברה של עורה שנועדה בברלין׳ הוכוחים בועד המדיני של ממלכת פרוסיה, יום היהודים בגרמניא, מצב היהודים בצרפת, מכס רגים באלגיר׳ האנטישמיות באוסטריא׳ מצב אחינו בגליציא ורומניא׳ התנועה הפנימית.
מה) כרוניקה עברית (מן ניסן תר"ס עד ניסן תרס"א): רוסיא. פקודות הממשלה. פסקי הסינט. ארץ ישראל. אוסטריא-אונגארן. צרפת רומניא. אנגליא. אמריקא. תוגרמא. בלגיא. ארגנטינא. חינא. מארוקא. פרס׳ ספירות. הצטינות חגי יובל.
מו) הזכרת נשמות׳ (מן ניסן תר"ס עד ניסן תרס"א).
מז) ביבליוגרפיא (ספרים חדשים).

ואלה התמונות אשר באו בלוח אחיאסף תרס"ב:

1) ר' זכריה פראַנקעל.
2) פרופ' מ. פיליפזאַהן.
3) מאיר איש שלום.
4) אליעזר שולמאַן.
5) יצחק ליבוש פרץ.
6) י. י. ווייסבערג.
7) ד"ר איזידור זינגער. (מוסר הענציקלופעדיע העברית).
8) היהודים בבינה.
9) ר' משה מונטיפיורי בימי שחרותו.
10) ר' משה מונטיפיורי בימי זקנותו.

**מחיר הלוח 1 רו"כ, עם פאָרטאָ 1,30 רו"כ, מכורך 1,40 ר', עם פאָרטאָ 1,70 רו"כ.**

המחיר הנזכר נקצב רק עד ט"ו תשרי ובעבור הזמן יעלה מחירו והיה 1.30 רו"כ, ועם פאָרטאָ 1.60׳ מכורך 1.70, עם פאָרטאָ 2 רו"כ.

הערה. עלינו להזכיר כי בהיות להלוח מספר מסוים וידוע של קונים שנה שנה הננו מדפיסים אותו רק במהדורא אחת ולכן קרה בשנים האחרונות כי אספו העק"ז לגמרי מן השוק מיד אחר חג הסכות עד כי היינו מוכרחים אח"כ לפרסם מודעות במכ"ע כי הלוח נמכר כלו כדי שלא להטריח את הרבים וגם את לשכת אחיאסף בכתיבת מכתבים לחנם. ולכן, כל אלה מן הקוראים, המו"ס והסוכנים שיש להם חפץ בלוח אחיאסף יואילו נא להיות מן הזריזים.

Издательство „Ахіасафъ" Варшава .6 בע"פ: טוואַרדא נו'

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.



THE
JEWISH COLONIAL TRUST
(JUEDISCHE COLONIALBANK)
LIMITED

# ערעפנעט

מיט דעם גרעסטען קאמפארט און היגיעניש איינגעריכטעט

☛ איין נייע זאלל פיר התונות און בעלער ☚

אונטערן נאמען „NOWA HARMONIA“

אין ווארשא גרזיבאווסקא Nr. 11 טעלעפאן Nr. 1443

אלס אמתיע פאכלייטע אין דיזער בראנזשע, נאך לאנגיאהריגען פראקטיק ביי דער פיהרונג פון איין זאלכער זאלל אויף דלוגא שטר. Nr. 12 טעלעפאן Nr. 1374 קענען מיר זיך דרייסט דעם געעהרטען פובליקום עמפפעהלען אז די סעודות און בעללער וועלכע ווערדען אין אונזערעם נייעם לאקאל געמאכט וועלען ענטשפרעכען דען העכסטען וואונשען און דעם גוסט דער געעהרטען פובליקום. ווי ביז אהער זא אויך פון נון וויטער נעמען וויר אן בעשטעלונגען היזיגע און פון דער פראווינץ. וויר עמפפעהלען זיך דער ריקזיכט דעם געעהרטען פובליקומים און פערבלייבען אכטונגספאלל

**BRACIA IGALSOHN.**

אנמערקונג. קיינע קאנדיטארייען בעזיצען וויר ניט, וויר נעמען א בעשטעלונגען נור אויף דעם אינט מינדליך, בריפליך אדער אויך פער טעלעפאן „Nowa Harmonia“ נומר 1443 אדער Nouveaute נומר 1374.

---

**Парижская папиросная бумага**

## „Ле Дерніеръ Картушъ“

**требовать исключительно гильзъ а также папиросныхъ книжекъ изъ настоящей французской бумаги „Ле Дерніеръ Картушъ“**

**Бумажка эта признана Химичес. Лаборатр. Варшав. Императ. Университета САМОЮ ЛУЧШЕЮ.**

**Образцы бумажки разныхъ сортовъ высылаетъ безплатно.**

---

**ТОРГОВЫЙ ДОМЪ**

**Д. ЗИЛБЕРЛЯСТЪ**

**въ ВАРШАВѢ**

**Граничная улица № 6.**

---

## לעהרערס מיטאגע

פרייזפיר א מיטאג פון 6 שפייזע 25 ק׳, מיט פיש 30 ק׳. אויך מיטאג פיר 20 ק׳ 5 שפייזען נור פון 12 ביז 3 אוהר.

גענשא נר. 20 2־טער שטאק.

פערגעסט ניט די אדרעסע.

---

אומזיסט פראספעקט פון חעמישע וועשעריי און בעטפעדערן רייניגונג

М. Салямонъ Бѣлостокъ Никол. ул.

---

**АГЕНТЫ**

дѣятельные нужны.

На отвѣтъ 7 к. марку.

Адресъ:

КНИГОИЗДАТЕЛЬСТВО

М. С. Козманъ, Одесса.

---

## !! מעבלירטע צימער !!

מוסטערהאפט זויבער און בעקוועם איינגעארדענט, אים פרייזע פון 50, 60, 75, 90, 1.25, 1.50 ביז 2 רו"ב א טאג. בארע־צימער (וואננעס), גאזבעלייכטונג. רעעלע בעהאנדלונג און פינקטליכע בעדיענונג. מיטטאגע פריזע און שמאקהאפטע פון 35 קאפ. אן. סאמאווארען א 10 קאפ.

ח. דווארעצקי, סט.־יערסקא נו׳ 34.

Меблированныя комнаты Х. М. Дворецкаго, Варшава Св. Георгія 34.

---

## אהוב את המלאכה

אלע סארטען שפיגעל - מאכען גרינדליך לערנט אויס דורך בריעפע

דער 25 יעהריגער פראקטיקאנט אין די שפיגעלפאבריקאציאן

**Юдка Вейнблятъ**

Варшава, Слизская 22.

---

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד !!!

אדריסתי היא רק בת ג׳ מלים:

Я. Нейдичъ Варшава.

---

**Пользуйтесь случаемъ!**

Только за 5 руб. высылаю коллекцію морскихъ раковинъ перламутровыхъ разныхъ породъ. Специальная мастерская издѣлій изъ раковинъ и бронзы письменныхъ и туалетныхъ принадлежностей. На коллекцію задатокъ въ размѣрѣ 25% высылаю франко.

Адресъ: В. А. ТРАЙНИНУ

Варшава, Наевки 35.

---

**א. וואלף, דענטיסט.**

(DENTISTE)

ווארשא, קארמעליצקא נו׳ 27.

---

# ПОСТУПИЛЪ ВЪ ПРОДАЖУ

## Литературно-Художественный Сборникъ

# „Помощь евреямъ, пострадавшимъ отъ неурожая“

(Большой томъ 4°, IX + 500 стр.).

**Содержаніе:** **Вл. Потемкинъ**, Нѣсколько словъ по поводу Сборника.—**Вл. Короленко**, Огоньки.—**Акад. Ив. Янжулъ**, Какъ я труса праздновалъ.—**М. Лохвицкая**, Мученикъ нашихъ дней, стих.—**Э. Зола**, (перев. Р. М. Хинъ). Въ защиту евреевъ—**Проф. В. Бузескулъ**, Профессоръ-гуманистъ.—**Проф. А. Чупровъ**, Общества взаимопомощи въ Италіи,—**К. Бальмонтъ**, Цвѣтокъ стих.—**Проф. Б. Чичеринъ**, Изъ письма къ Н. К. Ренненкампфу.—**С. Я. Надсонъ**, Неизданное стихотвореніе.—**Проф. К. Тимирязевъ**. Творчество природы и творчество человѣка.—**Проф. М. Ковалевскій**, Новыя данныя о Ж. Ж. Руссо. **Л. Мельшинъ**. Ферганскій орленокъ.—**Д-ръ Н. Баженовъ**, Больные писатели и патологическое творчество.—**Пр.-доц. П. Новгородцевъ**, Реставраціонный идеализмъ Гегеля въ изображеніи Гайма.—**Семенъ Юшкевичъ**, Невинные.—**Петръ Струве**, Къ литературно-общественной исторіи крестьянскаго вопроса.—**Петръ Кожевниковъ**. На Гудаури.—**Проф. И. Сѣченовъ**, Участіе органовъ чувствъ въ работѣ рукъ у зрячаго и слѣпого.—**П. Я.** Сонъ на чужбинѣ, стих.—**П. Обнинскій**, Ограбленныя слова.—**Кн. В. Барятинскій**, Горе.—**Пр.-доц. С. Булгаковъ** Къ вопросу о законодательномъ регулированіи домашней промышленности.—**А. Дьяковъ**, Изъ записной книжки стараго любителя природы.—**В. Вересаевъ**, „Изъ Гезіода“.—**Проф. В. Герье**, Изъ исторіи вѣротерпимости.—**Вѣра Потемкина**. Соринка.—**Пр.-доц. А. Кизеветтеръ** Русская утопія XVIII столѣтія.—**Георгъ Брандесъ** (пер. Р. М. Хинъ), Россія.—**Проф. Н. Стороженко**, Философія Донъ-Кихота.—**Т. Щепкина-Куперникъ**, Памяти И. И. Левитана, стих.—**А. Е. Грузинскій**, П. В. Шейнъ.—**Н. В. Тепловъ**, Изъ новой литературы о Бастиліи.—**Вл. Соловьевъ**. Талмудъ и новѣйшая литература о немъ въ Австріи и Германіи,—**П. Я.** Именемъ любви, стих.—**А. Дживелеговъ**, Бисмаркъ и Лассаль.—**К. Бальмонтъ**, Соединенные, стих.—**Проф. Ѳ. Мищенко**, Антигона Креонтъ,—**К. Бальмонтъ** Праздникъ свободы, стих.,—**Пр.-доц. М. Туганъ-Барановскій**, О законѣ паденія нормы прибыли Маркса.—**С. Шамбинаго**, Слѣды непосредственнаго вліянія евреевъ, сказавшіеся въ памятникахъ древнерусской письменности.—**Ж. Дарместетеръ** (пер. Ел. Герье), Раса и Традиція.—**Пр. доц. С. Котляревскій**, Историческое значеніе проповѣднической литературы во Франціи XIII вѣка.—**Юрій Веселовскій**, Евреи въ изображеніи современныхъ французскихъ беллетристовъ.—**Н. Никольскій**, Іудеи при Маккавеяхъ и Асмонеяхъ,—**М. Горькій**, Погромъ.—**Максъ-Нордау** (перев. М. Лунцъ), Сіонизмъ.—**Александръ Савинъ**, Замѣтка о первоначальномъ накопленіи въ изображеніи Маркса,—**Вл. Каллашъ**, Школьныя литературныя общества 20-хъ гг. XIX в. **Пр.-доц.—Н. Романовъ**, Основныя черты творчества Джотто, **В. Б.** (**А. И. Герценъ**) Изъ писемъ путешественника.—**А. Вербицкая**, Эстетика.—**Вл. Неждановъ**, Въ сумеркахъ, стих.—**А Субботинъ**, Настоящее положеніе еврейскаго вопроса.

**Автографы Э. Зола, И. С. Тургенева и А. И. Герцена.**

**Рисунки Л. Пастернака, В. Сѣрова, В. Переплетчикова, А. Архипова, С. Иванова, В. Полѣнова, И. Левитана и И. Рѣпина.**

*Складъ изданія: въ Спб.—въ конторѣ „ВОСХОДА“*

Площадь Б. Театра, 2, Телефонъ 955.

Въ Москвѣ—у В. О. Гаркави, Арбатъ, Никольскій пер. соб. домъ.

**Цѣна Сборника 3 р. 50 к. Пересылка за 4 фунта.**

Продается во всѣхъ книжныхъ магазинахъ и въ издательствѣ “Ахіасафъ„ въ Варшавѣ.

---



**Механическо-Токарное Заведеніе**

**АДОЛЬФА ШТЕЙНКЕ**

**Въ Варшавѣ. улица Лешно. № 18.**

Имѣются балансѣровые прессы, штанцы и т. п. Принимаетъ также починки разнаго рода машинъ, а равно и предметовъ входящихъ въ составъ механики.

ЦѢНЫ УМѢРЕННЫЯ.